דיא אינטערנאַציאָנאַלע ביבליאָטהעק.

# „קניאז פאטיאמקין“

## דיא געשיכטע פון דעם בעריהמטען מאַטראָזען אויפשטאַנד.

שעהן אילוסטרירט.

בעארבייט נאך גאַנץ נייע מאטעריאלען.



אַרויסגעגעבען פון
דיא אינטערנאציאָנאַלע ביבליאטהעק
פערלאַג קא.
23 דואיין סט. ניו יאו ק.

# הקדמה פון די ארויסגעבער.

ווער געדיינקט ניט דעם אויפשטאנד פון די רוסישע מאטראָזען אויפ׳ן קריעגס־שיף „קניאז פאטיאמקין“ אין חדש יוני 1905? מיט דעם דאזיגען אויפשטאנד האָט אין זיין צייט געקלונגען די גאנצע וועלט. קנאפע צוויי וואכען האָט דער פערפאנצערטער רעוואָלוציאָנער, דער בוגד במלכות, זיך געטראגען איבער די כוואליעס פון שווארצען ים, און ווי פיעל מיליאנען מענשען האָבען איהם נאכגעפאלגט אין די געדאנקען! מיט א קלאפעדיגען הארץ און איינגעהאלטענעם אטעם האָט מען געלייענט די מאגערע בעריכטען איבער דעם שיפ׳ס רייזע. גליק האָט מען איהם געוואונשען אין זיין ריזיקאלישער אונטערנעמונג, אין זיין נישט־גלייכען קאמפף. און א טיעפער ביטערער קרעכץ האָט זיך ארויסגעריסען ביי אלעמען פון הארצען, ווען די העלדען האָבען געמוזט אויפגעבען דעם קאמפף, אומקערען דעם תליון צוריק די פערנומענע פעסטונג און פערבלייבען נע ונד אין פרעמדע לענדער, ווער ווייסט אויף ווי לאנג.

די וויכטיגקייט פון דעם אויפשטאנד פאר דער רוסישער רעוואלוציאנערער בעוועגונג איז גאר ניט אבצושאצען. דער סאָמאדערזשאַוונער רעזשים האָט דא ארייגעכאפט א קלאפ, אויף וועלכען ער האָט זיך קיין מאָל ניט געריכט. און ווייל דער קלאפ איז געקומען פון א צד, וואס די אלטע ארדנונג האָט געלעגט אויף איהם די לעצטע האפנונגען אלס איהר בעשיצער און פערטיידיגער געגען דעם „אינערליכען שונא“, האָט זיך דער קלאפ געלאזט

טאקי פיהלען א סך שטארקער פון אלא פריערדיגע קלעפּ, פון אלע אנדערע קלעפּ. די רעגיערונג האָט זיך ערשט ארומגעזעהן, דאס אין קאמפף מיט דער רעוואלוציאן שטעהט זי איינע אליין, און קען זיך שוין מעהר ניט פערלאזען מיט דער פריערדיגער זיכערקייט אויף איהר כלומר'שט טרייער און ביז צו גאר איבערגעגעבענער ארמעע. וועמען זאל זי יעצט טרויען? פון יעדער קאזארמע, פון יעדען שיף קוקט ארוים דער שווארצער שאָטען פון פערראט. אויף דעם גראָען געזיכט פון יעדען סאלדאט און מאטראז לייענט זי א פערבארגענעם האס, וואסווארט נאר אויף דער גינסטיגער רגע מיט דער בעסטיע זיך אבצורעכנען. וואו זאל זי וועגדען איהרע בליקען נאך הילף? דער פערשלאגענער זעלנער פון נעכטען, וועל־כער האָט, דאכט זיך, קיין קאפּ ניט געקענט אויפהויבען, קיין אטעם ניט אבציהען פריי אהן דעם בעפעהל פון דער „נאטשאל־סטווא“, איז היינט מיט איין מאָל געווארען ביי זיך א סטאלנער מענש און נעמט זיך אליין צו די רעכט פון א פרייען בירגער. וועה, וועה צו איהר!

דאס אינטערעס צו דעם היסטארישען אויפשטאנד האלט נאך אן אין דער וועלט עד היום. אזעלכע ערשיינונגען קענען זיך ניט פערגעסען, און טארען זיך ניט פערגעסען. מען רעדט שוין ניט פון זייער אלגעמיינער בעדייטונג פאר'ן בעפרייאונגס־קאמפף אין רוסלאנד, האָבען זיי נאך אין זיך, א חוץ דעם, א מערקווירדיג רייז־כען דראמאטישען שטאף. דאס איז דער עכטער שטאף, פון וועלכען דער אלטער שעקספיר האָט אויסגעקנאטען זיינע אונ־שטערבליכע טראגעדיען, די טראגעדיען פון הייסע מענשליכע ליי־דענשאפטען. און כל זמן עס שלאגט נאך אין דעם מענשען אן אדער, וועט ער ניט אויפהערען זיך אבצורופען מיט דער גאנצער נשמה אויף אזעלכע בעגעבעניסען, געפיהל־רייכע און גייסט־רייכע.

גע'רעש'ט פון דער געשיכטע האָט די וועלט־פרעסע זעהר פיעל, חדשים לאנג. אבער ניט אלץ האָט מען דערציילט. איינפאך דערפאר, וואס ניט אלץ האָט מען געוואוסט. און ביז יעצט זיינען פראן אין דער געשיכטע מיט'ן אויפשטאנד א סך פונקטען, וואס

זיינען ניט אין גאנצען קלאר, ווייל עס האָט געפעהלט דער נויטי־
גער מאטעריאל די פונקטען אויפצוקלערען. א שטייגער ווייס מען
קנאפלעך וועגען דער פערזענליכקייט פון אפאנאסי מאטיושטשענ־
קא, דעם הויפטפיהרער פון די אויפגעשטאנענע, וואס ניקאלאי דער
צווייטער האָט זיך געוואלט לאזען קאסטען טויזענדער רובעל נאר
צו האָבען דעם פערגניגען איהם צו דערשיסען אויף דער היילינער
רוסישער ערד. אונטער וואס'ערע אומשטענדען האָט זיך ענטווי־
קעלט דער שטארקער רעוואלוציאנערער גייסט אט פון דעם איינפא־
כען מאטראז, דעם זוהן פון אן ארימען פויער? פון וואנען האָט זיך
גענומען ביי איהם דער העלדען־מוט, דער שטארקער ווילען, די
ענערגיע, די איבערגעוויינליכע פייהיגקייט פון ארגאניזאציאן?
וויכטיג איז דאס צו וויסען דער עיקר צוליעב איין זאך. מאטיוש־
טשענקא איז א פאלקס־מענש, א מאסאָווער מענש; ער איז ארויס
פון די זעלביגע פאלקס־מאסען, וואס מען האלט זיי דאס רוב פאר
שלעפעריגע, וועניג בעוועגליכע און נאך גאנץ לייכט בעריהרטע
מיט'ן פייער פון דער רעוואלוציאן. אין די רוסישע פאלקס־מאסען,
דערהויפט אין דער דארפישער בעפעלקערונג, הערט איהר אפט
טענה'ן, איז דערשלאגען פון קנוט די ענערגיע, פערטרונקען אין
בראנפען דער ווילען, פאראליזירט, אבגענומען די פייהיגקייט צו
ארגאניזירען זיך. און די מאסע טרעט דאס דערפאר ניט ארויס
אין אן אקטיווען קאמפף מיט דער ביוראקראטיע, און זי לאזט איהר
קריכען אויפ'ן קאפ און ברייטלעך בעל־הבית'עווען דארטין. און מיט
א מאָל קומט איינער פון די פויערים, וואס ער קען קאם האל־
טען א פעדער אין האנד, און איבערראשט די וועלט מיט זיין אינ־
טעליגענץ און מיט זיין גבורה'שאפט. הייסט דאס, אז דער פויער
איז גאר ניט אזא פערשלאפענע און דערשלאגענע בעשעפנים, וואס
יעדער פערד מיט א קאקארדע קען אויף איהר רייטען. הייסט דאס,
אז עס פעהלט נאר דער איין פונק, כדי די מיליאנען דערפער זאלען
נעמען פלאקערען אין א רעוואלוציאנערען פייער און פערברענען
אויף איש די פערפוילטע זיילען פון דער אבגעלעבטער דעספאטי־
שער ארדנונג. איז דער חשבון א ריכטיגער?

נאך ווענינער ווייס מען, ווי אזוי דער אויפשטאנד האָט זיך ביסלעכווייז צוגעגרייט. און אז דער אויפשטאנד איז געווען א צו־געגרייטער, א געפּלאנעוועטער פון פריער, דאס לעגט זיך גלייך אויפ׳ן שכל. ווייל זאגען, אז די איינציגע סבה פונ׳ם אויפשטאנד איז געווען די ווערימדיגע פלייש, אז נאר צוליעב דער אכילה האָט מען אויסגע׳הרג׳עט די אפיצירען און געשטעלט די אייגענע לע־בענס אין געפאהר, איז דאך א נארישקייט. די פלייש האָט געקאנט בלויז זיין דער לעצטער טראפּען, וואס האָט פול געמאכט דעם כוס פון די ביטערע זעלנערשע צרות, אדער ריכטיגער געזאגט דער פונק פייער, פון וועלכען עס ווערט אויפגעריסען א סקלאד מיט פּולווער. אבער פון וואנען האָט זיך גענומען דער פולווער? ווער האָט איהם דאס אנגעזאמעלט אין סקלאד און געהאלטען פערבארגען ביז א צייט פון א פרעמדען און א בייזען אויג?

דורך א גליקליכען צופאל האָבען מיר אריינגעקראגען א גאנץ נייעם היסטארישען מאטעריאל, וואס בעלייכט דעם אויפ־שטאנד אין אלע פרטים פון אנהויב ביז׳ן סוף. דער מאטעריאל קומט פון גאנץ זיכערע קוואלען און איז ביזיעצט נאך אין ערגיץ ניט געווען אבגעדרוקט. מיר האָבען דעריבער די מעגליכקייט צו דער־ציילען די מערקווירדיגע געשיכטע מיט אזוינע איינצעלהייטען, וואס די וועלט ווייס נאך פון זיי ניט. און אז די איינצעלהייטען איז כדאי צו וויסען, און וויסען דוקא אויספיהרליך, אין דעם, הא־פען מיר, וועט ביי קיינעם קיין שום צווייפעל נישט זיין.



# ערשטער קאפּיטעל.

## אפאנאסי מאטיושטשענקא.

זיין לעבען ביז דער דיענסט. — דער דאפּעלטער יאָך פון א שלעכט־בעצאהלטען ארבייטער און שלעכט בעהאנדעלטען אונטערטאן וועקט אויף דעם גייסט פון פּראטעסט. — דעם קיסר'ס קלאגעדיגע קעסט מאכען די אונצופריעדענהייט נאך ברענענדיגער. — די אידישע פּריווילין גיט קלוגע ביכלעך צום לייענען. — דער אנהויב פון דער אגיטאטארישער טעטיגקייט צווישען די מאטראזען.

אפאנאסי מאטיושטשענקא ווערט מיט רעכט אנגענומען פאר'ן הויפּט־אנפיהרער פון די צובונטעוועטע מאטראזען אויף „קניאז פּאטיאמקין". אמת, ער איז געווען ניט מעהר ווי א מיט־גליעד פון דער פרייער, דעמאקראטישער, רעפּובליקאנישער רעגיע־רונג, וואס איז איינגעפיהרט געווארען אויפ'ן שיף אין דעם סאמע אנהויב פון זיין רעוואלוציאנערער קאריערע. אבער על כל פּנים זיינען די איבריגע געשטאנען א סך נידריגער פון איהם סיי אין דעם פּרט פון פּערזענליכען מוט און סיי אין דער פיהיגקייט צו האלטען אין געזעצליכער ארדנונג א זיעבען הונדערט־קעפּיגע מאסע. ווע־גען די עטליכע פּרעמדע מענשען, וועלכע זיינען געווען אין דער רע־גיערונג, איז אודאי אבגערעדט. ערשטענס זיינען זיי געקומען

אויפ'ן שיף אחר המעשה, ס'הייסט ווען פון דעם שפּיץ מאסט האָט שוין שטאלץ געפלאטערט א בלוט־רויטע פאהן, די פאהן פון דער רעוואלוציאן. צווייטענס, וואס פאר א צוטרוי האָבען די מאטראזען געקענט האָבען צו זיי? מען האָט ניט געוואוסט, פון וואנען זיי האָבען זיך גענומען,און נאטירליך ניט געוואלט פאלגען, און געקוקט אויף זיי מיט דער גאנץ אפענער פעראכטונג, מיט וועלכער דער מאטראז, דער ים־וואלף, איז געוואוינט צו קוקען אויף דעם יבשה־מענש. די מין פעראכטונג לאזט זיך אגב אורחה ערקלערען דורך דעם אבגעזונדערטען און אייגענארטיגען לעבען, וואס עס קומט אויס צו פיהרען דעם מאטראז.

אויפ'ן ערשטען קוק וואלט קיינער ניט זאגען, אז אט דער מיטעלוואוקסיגער, א ביסעל איינגעהייקערטער מענש מיט א בריי־טען עכט־רוסישען פּיער־קאנטיגען געזיכט, ברייטע געזונטע פּליי־צעס און נישט־טיעפע, אבער ערנסטע גראע אויגען, איז דער העלד, וועלכער האָט מיט א קנאפּען יאהר צוריק מרעיש עולם געווען. דאס איז דער געוויינליכער אויסזעהן פון דעם רוסישען פאבריק־ארביי־טער, וועלכער האָט זיך שוין א צייט מיט יאהרען אבגעריסען פון דארף און האָט איבערגענומען די שטאדטישע פּאליטור אין דער ארט רעדען, אנטון זיך, בעגעהן זיך צווישען מענשען. דער שטארק ענטוויקעלטער קינבאק באווייזט יא א פעסטען ווילען, אן אונאב־הענגיגעז כאראקטער, וואס לאזט זיך ניט לייכט בויגען, א סך ענער־גיע. ווען מען רעדט זיך דורך מיט איהם, זעהט מען, אז ער איז א דיינקענדער, האָט געלייענט ביכער און ניט נאר איינע צייטונגען, און שטרעבט נאך וויסען, נאך קענטנים. ער איז ערשט נאהענט צו דרייסיג, און דאס פּנים איז שוין צושניטען מיט קארבען, וואס דער־ציילען אייך די טרויעריגע מעשה פון נויט און הונגער און הארץ־נאגענים, די גוט־בעקאנטע מעשה פון דעם רוסישען פּראלעטאריער.

מאטיושטשענקא איז געבארען געווארען אין א דארף אין כארקאווער גובערניע. די חיונה האָט מען געצויגען פון א נחלה ערד, גרויס ווי א גענייץ. די ערד פלעגט זיך א מאָל איינשפּארען און אויפהערען צו געבען די נויטיגע מאָס ברויט און קארטאפעל. דע־

מאלט פלעגט מען, ווי דער שטייגער איז, הונגערן אין א נאווינע. פון די קינדערשע יאהרען זיינען דעריבער ביי אפאנאסי׳ן קיין זיסע זכרונות ניט פערבליבען. ארום זיך האָט ער געזעהן איינגשאפט, ארימקייט, אונוויסענהייט, מוטוויליגקייט, פאליציייאישע אונטערדריקונג. דער טאטע — תמיד אן איבערגעהארעוועטער, די מאמע — צומישט אויף פרומקייט, וואס דער גלח האָט איהר אריינגעהאקט אין דעם שוואכען קאפּ און וואס האָט געמאכט די כאלופּקע נאך איינגער און נאך פינסטערער.

ווען דער יונג איז אלט געווארען פופצעהן יאהר, האָט ער זיך געמוזט געזעגנען מיט׳ן דארף און געהן אין שטאדט פערדינען זיין ברויט. פריער א טריקענים און דערנאך א האגעל האָבען ביי דער צייט אנגעמאכט א חורבן אין זייער בעל־הבית׳שקייט, וואס האָט זיך אהן דעם אויך געהאלטען אויף היהנערשע פיסלעך. לאנגזאם, אבער זיכער האָט זיך אנגערוקט דער הונגער, דער שרעקליכער רוסישער הונגער וועלכער לאזט איבער הינטער זיך אין די דערפער הונדערטער טויזענדער קרבנות. קויפען ברויט איז ניט געווען מיט וואס, און אפאנאסי האָט דאס געזאלט זיין דער איינציגער שפייזער פון דער הונגער־לײדענדיגער פאמיליע.

זיין ערשטער פּלאץ אין שטאדט איז געווען אין אן אייזענבאהן־ווארשטאט, וואו ער האָט געדארפט שמירען די לאקאמאטיווען צעהן שעה א טאג פאר אכטצעהן רובעל א חודש. אבגעווען איז ער אויף דעם פּלאץ פיער יאהר, און אין די פיער יאהר האָט זיין מח א סך געארבייט. ער האָט געהאט אין זיך א היבש ביסעל פון דעם סקעפּטישען (אין אלץ צווייפעלדיגען) גייסט, וואס מען געפינט ביי דאס רוב רוסישע. מען קאן זאגען, אז סקעפּטיציזמוס איז דער נאציאנאלער שטריך פונ׳ם רוסישען פאלק, אלס א נאטירליכע געגען־ווירקונג פון די אונזיניגע און אומגעלומפּערטע באבעמעשיות, מיט וועלכע עס איז אנגעפּיקעוועט די הערשענדע פּראוואסלאוונע אמונה. ווען דער יונגער אפאנאסי האָט גענומען לייענען די הייליגע ספרים (די ביבעל, דעם ברית חדשה, די לעבענס־בעשרייבונגען פון די קריסטליכע קדשים), האָט ער זיך אנגעשטויסען

אויף א גוזמא נסים און בעהויפּטונגען, וואס זיין קלארער און געזונ־
מער פערשטאנד האָט ניט געקאנט אראבשלינגען, ניט געקאנט
פערדייען. בערג מיט קשיות האָבען זיך געהויבען אין קאפּ, און עס
איז ניט געווען, ווער עס זאל די קשיות פערענטפערען. די ספקות
אין אמונה־זאכען, וואס זיינען איין מאָל פערקראכען אין הארצען,
האָבען שוין ניט געוואלט פון דארטין ארוים. מיט דער צייט זיינען
זיי נאך שטארקער געווארען.

„איך האָב געפיהלט, דערציילט מאטיושטשענקא, אז געווי־
סענלאזע מענשען פערפיהרען דאס פאלק מיט ניט־געשטויגענע און
ניט־געפלויגענע ליגענס, מיט נארעריי. אבער דעם צוועק פון גאנ־
צען שווינדעל האָב איך נאך דעמאלסט ניט פערשטאנען“.

ווי געוויינליך די מעשה איז, זיינען די רעליגיעזע צווייפלען
געווען נאר די ערשטע מדרגה פון ווייטערדיגע ספקות, וואס האָבען
זיך פערשפּרייט אין א פולע אנדערע ריכטונגען.

איין פערזוך האָט דער בעל־ספקות יע געמאכט ארויסצוזאגען
די פרייע געדאנקען. דאס איז געווען אין א געשפּרעך מיט די
ארבייטער פון דעם אייזענבאהן־ווארשטאט אבער יענע האָבען זיך
ארויפגעווארפען אויף איהם מיט קולאקעס און זלזולים. קאם וואס
ער האָט זיך אבגעטראגען פון זיי מיט גאנצע ביינער.

צום סוף האָט אימיצער אויף אפּאנאסי אנגע׳מסר׳ט דעם
עלטסטען, און יענער האָט איהם די מינוט געהייסען הלך׳ען, און
ניט געהאלטען אפילו פאר נויטיג איהם צו זאגען פאר וואס און פאר
ווען. דער יונג איז אוועקגעפאהרען קיין סעוואסטאפּאל. א גרויסע
שטאדט, האָט ער געטראכט ביי זיך, ער וועט זיך אודאי לייכט אויפ־
זוכען א פּלאץ. אבער דער בטחון איז צוקראכען געווארען. ארבייטס־
לאזע זיינען געווען אייגענע איבערגענוג, א חוץ איהם. און ער האָט
זיך אוועקגעלאזען קיין אדעס. דא האָט ער זיך בעקענט מיט׳ן לע־
בען פון א הונגעריגען און עלענדען מענשען, וועלכער איז פייהיג
צו דער ארבייט, בלייבט אהן פּיס זוכענדיג וואס צו טון, אבער קיי־
נער דארף איהם ניט, ניט איהם און ניט זיינע הענד. צום ערשטען
מאָל אין לעבען האָט ער זיך דא אויך אנגעטראפען גאנץ נאהענט

מיט די שטאדטישע לומפען־פּראלעטאריער: קישעניקעס, קאר־טען־שפּיעלער, בעטלער, שכורים, בקיצור, די גוט־בעקאנטע „געוועזענע מענשען“ פון מאקסים גארקי׳ס ערצעהלונגען. די אבגעריסענע בעשעפּעניסען מיט צובייזלטע און פערשכור׳טע אויגען, אהן שטיוועל און אהן האפנונגען, האָבען איהם געעגבערט דעם מח און גע־וועקט טויזענדער פראגען, איינע שמערצליכער פון דער אנדערער.

„פאר וואָס קומט זיי דאס? האָט איהם געקלאפּט כסדר אין קאפּ ווי מיט האמערס. ווער האָט זיי אראבגעשטויסען אין דעם שרעקליכען תהום? ווער האָט פון זיי אוועקגערויבט דאס רעכט אויף אן עהרליכען, אנשטענדיגען לעבען? און ווער ווייסט, צו פאר איהם איז אויך ניט אנגעגרייט אט אזא צוקונפט?“

גיך האָט איהם אבגעגליקט. ער האָט באקומען א פּלאַץ אויף א שיף אלס הייצער. די ארבייט איז געווען ניט שווער, עסען האָט מען געגעבען געגוג, בעהאנדעלט — אויך מענשליכער.

דער שיף איז געגאנגען קיין וולאדיוואסטאָק. ער האָט גע־פיהרט א גרויסע פּארטיע פּויערים וועלכע האָבען ארויסגעוואנדערט אין סיביר. ווי הערינג אין א פעסיל זיינען די ארימע עמיגראנטען געלעגען אנגעפּאקט אין דעם איינגען און שמוציגען צווישענדעק. פון דעם שלעכטען עסען, און איינגשאפּט, און היץ, און שווערער לופט האָבען די עופ׳עלעך, די קינדער פון די עמיגראנטען, גענומען פאלען ווי פליגען. ביז וואנען מען איז דערגאנגען ביז וולאדיוואס־טאָק, זיינען אויסגעשטארבען דריי און זיעבציג קינדער. מען קען זיך פארשטעלען, ס׳אַרא יללה עס איז געווען אויפ׳ן שיף די גאנצע צייט פון דער לאנגער נסיעה.

און א סלאַי נאך א סלאַי האָבען זיך געלעגט ביי אפּאנאַסי אין דער נשמה די שווערע איינדריקע פון די בילדער, וואס ער האָט געזעהן ארום זיך. ווי פיעל טרערען עס ווערען דאס פערגאסען אויף גאָט׳ס וועלטעל! ווי פיעל פער־וואונדעטע הערצער און פינסטער־ע געמיטען! מיליאנען מענשען פּלאגען זיך אב פון וויגעלע ביז׳ן קבר. וואו איז די ישועה? ווער וועט זיי העלפען? ווער קען זיי העלפען? און דער עיקר, פאר וואס קומט זיי, אט די מיליאנען, אזעלכע

פער׳חושב׳דיגע יאהרען, בעת א קופּקעלע לעדיג־געהער באדט זיך אין כל טוב, אהן זארג, אהן דאגות?

יושר פעהלט אויף דער וועלט, — דאס איז געוועזן דער שלוס, צו וועלכען דער דיינקען האָט געבראכט דעם יונגען ניט־געשולטען גריבלער. אבער ווי אזוי מען שטעלט איין יושר אויף דער וועלט, אז איינער זאל ניט האָבען אלץ און דער צווייטער גאר נישט, אז דער שטארקערער זאל ניט שטיקען דעם שוואכערען, דערין איז ער געוועזן בלינד. און עס איז ניט געוועזן, ווער עס זאל איהם די אויגען עפּענען.

און דער פּראטעסט געגען די מיאוס׳ע אונארדנונגען, געגען א וועלט, וואס טויג אויף כפּרות, האָט זיך ביי אפאנאסי אויסגעגאסען אין א ברענענדיגען האס צו די רייכע, די זאטע, די הערשענדע, די דעה־זאגער, די אונטערדריקער. ער האָט זיך געפּיהלט גליקליך, ווען ער האָט זיי אבגעטון עפּיס א רשעת און געשטילט דערמיט זיין האס.

אין סיביר איז ער אבגעוועזן איבער א יאהר צייט. עס איז דערווייל אנגעקומען דער פּריזיוו און מען האָט אפאנאסי אבגע־געבען. אין דער דאמאלסדיגער שטימונג האָט איהם דער עסק א האָר אויך ניט געשמעקט. ביז אהער געוועזן פערקויפט פאר דעם שטיקעל ברויט, געליטען קעלט און הונגער, אויסגעשטאנען אומזיס־טע קלעפּ און בעליידיגונגען. ניט געהאט אפילו די מעגליכקייט צו העלפען די אלטע טאטע־מאמע. און איצט געה ווידער אין קנעכט־שאפט. און נאך וואס פאר א קנעכטשאפט! ערגער ווי זיצען אין געפענגניס. דארטין איז כאטש פריי די נשמה. און דא איז מען פער־קויפט מיט לייב און לעבען. אז מען הייסט שיסען אין אן אייגענעם ברודער, מוז מען פאלגען. דינען דעם קיסר, דעם פאטערלאנד! פאר וואס זאל ער אוועקגעבען דעם קיסר די בעסטע יאהרען? וואס פאר א טובות האָט ער געזעהן פון איהם? און צוליעב וואס זאל ער געהן פערטיידיגען א פאטערלאנד, וואו ער, דער ארימאן, דער ארבייטער, ווערט אויסגעריסען פאר זיין פראצע?

אט מיט אזוינע געדאנקען האָט דאס מאטיושטשענקא אנ־געטאן דעם גראען מאנטעל פון א מאטראז און געגעבען די שבועה צו פערטיליגען סיי דעם אויסערליכען שונא און סיי דעם אינערלי־כען, ניט זשאלעווענדיג דערביי דאס אייגען לעבען.

פון דעם ערשטען מאמענט אן, וואס דער פריש־אויסגעבא־קענער מאטראז איז אריין אין קאזארמע, האָט ער שוין גענומען זידען ווי א קעסיל. אויב יושר האָט געפעהלט אין דער וועלט בכלל, האָט מען דא אין דער קאזארמע דעם יושר אונטער די פיס געטרא־טען, אין פנים געשפיגען, מערדעריש געיאגט און גע׳רודפ׳ט. אויף דעם מאטראז האָט די נאטשאלסטווא געקוקט ווי אויף א הונד, אדער, נאך נאפאלעאן׳ס געפליגעלטען ווערטעל, ווי אויף „קאנאָנען־פלייש“. דער מאטראז האָט געהאט נאר פפליכטען, אבער קיין איין איינציג רעכט נישט. אלע רעכט האָבען זיך צוגענומען די אפי־צירען. נאך וועניג, וואס מען האָט די אדערן געצויגען מיט דעם מושטרירען, האָט מען געריסען און געשונדען אפילו זיין ארימען ביסעל עסען. דער ברויט איז געווען ניט קיין דורכגעזיפטער, פול מיט זאמד, די בולבע — צוגעפוילט, די פלייש — מיט ווערים, פון די קרויט האָט זיך געטראגען אן עיפוש. אויף וועטשערע פאר 700 מאן האָט מען אריינגעווארפען אין קעסיל דרייסיג פונט גריקענע גרויפען מיט א צוגאב פון קאפיטעס און קעפ (ווער ווייסט פון וואס פאר א חיה) צוליעב זאפטיגקייט. א מאכל!

ווי נאר עפּיס ניט אזוי, באלד א פויק אין געזיכט, אדער אין אויער, אדער אין די ציין, אז מען ווערט בעגאסען מיט בלוט ווי א חזיר. און דערנאך אויף א פאר מעת לעת אין קארצער, מיט א גוטער פארציע פאר דעם און נאך דעם פון דריי־גארנדיגע „אין דער מא־מענם“. אויף שלאגען זיינען אלע בעלי־הבתים: דער באָצמאן, דער קאפראל, דער אפיציר, דער קאמאנדיר. מען וויל גאר ניט וויסען, אז מען שלאגט א לעבעדיגען מענשען; מען האקט ווי אין א זאק מיט זאמד. און מען פלעגט ארויסהאקען צו צוויי־דריי ציין מיט א מאָל, אויך ניט זעלטען פלעגט פון א קלאפ פלאצען אין אויער דער פויק. די ווילדע אכזריות איז געווען געטריבען אזוי ווייט, דאס איין

מאטראז פלעגט מען הייסען שלאגען דעם אנדערן, און ווען יענער ציינגט ארויס צום בעשטראפטען א ֿשטיקעל רחמנות און גיט איהם לייכטע קלעפּ, נאר לפּנים'דיגע, בעצאהלט ער דערפאר מיט זיין אייגענער פעל. אדער דעם מאטראז, וועלכער האָט זיך אין וואס ניט איז פערזינדיגט, צווינגט מען ארומצוקריכען אויפ'ן בויך אי־בער'ן דעק פון שיף און נאכצומאכען א שווימענדיגען. די חברים שטעהן ארום און ארום און מאכען חוזק פון דעם גראב בעליידיגטען אין זיין מענשען־ווערדע. אט אזוי, טריט ביי טריט, ווערט פערדולט דער מח, אבגעטעמפּט די געפיהלען, דערשלאגען די מענשיסקייט. מען פערוואנדעלט דעם יונגען זעלנער אין א מאשין, וואס דארף ניט און טאר ניט דענקען, וואס מוז נאר פאלגען דעם בעפעהל פון דער נאטשאלסטווא. און זעלטען ווער עס האלט אויס אין דער שרעק־ליך־שווערער לופט פון דער קאזארמע און ווערט ניט א שכור, א גנב, א ליגנער.

די אפיצירען זיינען לויטער שכורים און גנבים. איינער עפענט אויף די בריעף מיט געלד, וואס מען שיקט פון דארף דעם מאטראז, און פער'שכור'ט דאס. א צווייטער גנב'עט גרויפּען, מעהל, קליידער, געוועהר. איין באנדע אפיצירען האָט אוועקגע־גנב'עט פון די קאזיאנע סקלאדען אין סעוואסטאפאל דריי מיליאן פּוד קאהלען. מען האָט זיי געפּאקט, אבער אבגעקומען זיינען זיי מיט א לייכטער שטראף. דער קיסר האָט דאך אזא ווייך הארץ! אנ'אנדערס מאָל זיינען צעהן מאטראזען דערטרונקען געווארען דורך די שולד פון איינעם אן אפיציר, און אלץ, וואס מען האָט איהם געטון, איז געווען איהם אריינצוזעצען אויף צוויי וואכען אויף דער הויפּטוואכט. און אז א מאטראז האָט אבגעשארט מיט דער האנד א יונגען אפיצירעל, א שנעק, וועלכער האָט זיך א־ויפגע־ווארפען אויף איהם מיט א בלויזען שווערד, האָט מען דעם מאט־ראז פער'משפט צו 1 יאהר און 8 חדשים אין דיסציפּלינאר־באטא־ליאן, וואס איז ניט בעסער פון קאטארזשנער ארבייט. און דער מאטראז איז געווען אן עלטערער, האָט געהאט אן עהרען־מעדאל, און דעם צארן פון אפיצירעל האָט ער ארויסגערופען נאר דערמיט,

וואס ביים מושטרירען, ווען עס נויטיגט זיך צו שטעהן ווי לט'ס פערזאלצענע ווייב, האט ער פעררוכט דאס קאשטעטעל אויפ'ן קאפ! אן אפיציר געהט איבער דער לאווע מיט אײנער א פרוי. אנטקעגען קומען אן צוויי מאטראזען, א ביסעל פערכנעשקעטע, און גיבען איהם ניט אב קיין „טשעסט". דער אפיציר ווארפט זיך אויף זיי ארויף מיט די קולאקעס, אבער אײנער פון זיי איז משמעות ניט קיין יאלד און לאזט זיך איהם אריין אין די ציין מיט דעם גאנצען יונ'ישען כח. דער אפיציר פאלט אויף דר'ערד, אן אונטערגעקאשע־טער, און די דאמע אויך איהם. די מאטראזען ווארטען ניט, פער־שטעהט זיך, אויף רבנות און מאכען א ויברח. דא קומט אן אנאנדער מאטראז, און דער אפיציר הייסט איהם נאכיאגען די אנטלאפע־נע. יענער לאזט זיך לויפען נא, זיי אין איין זאוועט. אבער ביים פערקירעווען זיך אין א צווייטע גאס קריגט ער פון זיי א ברוך הבא איבער'ן קאפ; ער פאלט, און איידער וואס־ווען, זיינען יענע שוין נעלם געווארען. אבער עס העלפען ניט קיין שום טענות. דערפאר, וואס דער מאטראז האט ניט געכאפט דעם אפיציר'ס בעליידיגער, האט מען איהם פער'משפט צו א יאהר און פיער חדשים דיסציפלי־נאר־באטאליאן. און ס'איז ניט געווען קיין קלאגער און קיין ריכטער.

די נאטור פון פראטעסטאנט, וואס איז טיעף געלעגען אין אפאנאסי, האט ניט געהאט איין מינוט רוה. אפען האט זי ניט גע־קענט ארויס; די אייזערנע דיסציפלין וואלט געמאכט א תל פון איהר און מיט איהם צוזאמען ביי דער ערשטער פראבע צו בעווייזען סמנים פון לעבען. מען האט געמוזט אלץ שטיקען אין זיך, און דעם הייסען פייער, וואס האט זיך ניט געקענט ארויסכאפען דרויסען, אנווענדען אויף דער ארבייט פון מח. און דער מח האט שוין גע־ארבייט אין א בעשטימטער ריכטונג. אין בופעט פון דער קאזארמע האבען זיך געפונען א סך גוטע ביכער, פערשטעהט זיך, נישט קיין פערבאטענע. אפאנאסי האט ענטדעקט דאס אוצר און געגומען שלינגען ליטעראטור מיט מעהר חשק ווי די מאגערע רעטשקענע גרויפען. אבער די ראמאנען, וואו א שיינער און איידעלער פרינץ

פיהרט א ליובקע מיט א שיינער און איידעלער פרינצעסין, און שלעכטע מענשען שטעהן זיי אין וועג און לאזען ניט די פלאקערדיגע הערצער צו פערבינדען זיך כדת וכמנהג העולם, האָבען איהם שוין מעהר ניט אינטערעסירט. ניט צייט־פערטרייב האָט ער געזוכט אין ביכער, נאר אן ענטפער אויף די פראגען, וואס עס האָט ארויסגע־רופען די ארומיגעווירקליכקייט. און ער האָט זיך א ווארף געטאן אויף די ביכער, וואו ער האָט זיך בעגעגענט מיט אנ׳אנדער סארט העלדען, מיט די העלדען פון פראטעסט געגען די קייטען זייערע, מיט די העלדען פון אקטיווען קאמפף מיט די אונטערדריקער. אין דער שפאנענדער געשיכטע פון ספארטאק, ווילהעלם טעל, אנקעל טאם׳ס כאלופקע, דער גרויסער פראנצויזישער רעוואלוציאן, קראמ־וועל׳ס בעגעהן זיך מיט׳ן קעניג — דעם גנב און דעם פיאניצע, — דא האָט ער געפונען אי א זכות, א רעכטפערטיגונג, אויף זיין איי־גענעם גייסט פון פראטעסט, אי אן אנצייגונג אויף דעם נעהנטססטען און זיכערסטען וועג, מיט וועלכען מען קען זיך העלפען.

ניט ווילענדיג איז געקומען אויפ׳ן זינען דער געדאנק פון ארגאניזאציאן. מען דארף א טאפ טון דעם דופק ביי די חברים. און פון די, וואס זיינען גלייך געשטימט, צונויפשטעלען א קרוזשאק, א קאמפאניע געזינונגס־גענאסען. די ערשטע יאָדרעטשקע פון א גרוי־סער און מעכטיגער ארגאניזאציאן, וואס זאָל ארומכאפען דעם גאנ־צען פלאט. די חברה וועט נעמען אגיטירען צווישען די מאטראזען; בעווייזען זיי, דאס די העכערע בעאמטע נוצען זיי אויס פאר די אייגענע אינטערעסען. זי וועט מאכען חוזק פון די אפיצירען, פון די גלחים, פון אלע אנדערע אגענטען פון דער רעגירונג, און ביס־לעכוויים וועט זי זיך דערקלייבען אויף ביז ניקאלאי׳ען גופא.

דער ערשטער קרוזשאק פון פינף מאן איז אין גיכען ארויפ־געוואקסען אויף צוואנציג און מען האָט גענומען קאליע מאכען די „מאראל“ אין דעם קיסר׳ס קאזארמע. די ארבייט האָט געבראכט גוטע פרוכט. עס איז געלעגט געווארען א שטארקער פונדאמענט פאר עכטער רעוואלוציאנערער אגיטאציאן, א בעשטימטער, א ציעל־בעוואוסטער.

אויף א האלב יאהר האָט מען מאטיושטשענקא אוועקגע־שיקט קיין קרוינשטאדט צו דערלערנען זיך, און ווען ער איז געקו־מען צוריק קיין סעוואסטאפאל, האָט מען איהם ארייננגערעכענט אין דער קאמאנדע פון פאנצער־שיף „קניאז פאטיאמקין טאַווריטשע־סקי“.

א פולע ענדערונגען האָט געפונען אפאנאסי אין דעם גייסט פון דער אלטער קאזארמע. פון די פריערינע חברים־אגיטאטארען זיינען פערבליבען נאר א פאר: איינינע האָט מען גע׳מסר׳ט און זיי האָבען געפוילט אין טיורמע, אנדערע האָבען אויסגעדינט און אוועק אַהיים. אבער דער סם, וואס זיי האָבען צוגאסען, האָט געווירקט. די מאטראזען האָבען אויף איין ווארט פון קאפראל געענטפערט צעהן צוריק, ניט געפּוצט איהם די שטיוועל, ניט אונטערגעטראגען דאס גלעזעלע טעע. אלע טאג האָט מען ארעסטירט צעהנדליגוויים מאטראזען, וועלכע האָבען נוגע בכבוד געווען די אפיצירען. בקיצור, ס׳איז געווען א האפנונג אויף גאר גוטע צייטען...

„איין מאל, דערציילט מאטיושטשענקא, בין איך געזעסען אויפ׳ן בולוואר, ווי געוויינליך א פערטראכטער.

„— הערט נאר, מאטראז, האָט מיר פלוצלונג איבערגעריסען די געדאנקען א פרויען־שטימע. איך האָב זיך אויפגעכאפּט ווי פון שלאף און דערזעהן פאר די אויגען א אידישע פריילין, נעט אנגע־טון, מיט א יונגען אפענעם און ענערגישען געזיכט.—זייט אזוי גוט, בעגלייט מיך צום בראטסקען מאָהילניק.

„זי איז פון אנאנדער שטאדט, האָט זי געזאגט, נאר וואס געקומען, און וויל באקוקען די אנטיקען, וואס זיינען פראן אין סע־וואסטאפאל.

„מיר זיינען אוועק. אויפ׳ן וועג האָט זי מיך געגומען פא־נאנדערפרעגען פון דעם לעבען אין קאזארמע און דערהויפּט פון דער שטימונג צווישען די מאטראזען.

„ — איבער גאנץ רוסלאנד, מאכט זי, זיינען די ארבייטער, די פויערים גרייט זיך אויפצוהויבען אויף די רייכע, מען ווארט נאר



דער פאנצערשיף „קניאז פאטיאמקין“.

אויף א סיגנאל. ווי מיינט איהר, די מאטראזען וועלען געהן שיסען אין זייערע אויפגעשטאנענע ברידער?

„וואס פאר אן ענטפער האָב איך איהר געקאנט געבען?

„ — א היבש ביסעל, זאג איך, וועלען אפשר ניט וועלען שיסען, אבער די מאסע בכלל איז בלינד.

„ — אט, זאגט זי, נאט אייך א ביכעל, איך וועל אייך געבען נאך מעהר. פערשפרייט די ביכלעך צווישען די חברים אייערע“.

דאס איז געווען דאס ערשטע אונלעגאלע ביכעל, וואס מאַטיושטשענקא האָט פערזוכט. ער האָט דאס דורכגעלייענט דעם זעלביגען אווענד צוזאמען מיט אכט אנדערע חברים. דער איינדרוק, וואס דאס לייענען האָט געמאכט אויף אלעמען, איז געווען א מערקווירדיג־טיעפער. ביז אהער האָט מען נאר געפיהלט דעם יאך אויף דער אייגענער פעל, אבער די שיכות פון דעם יאך צום אלגעמיינעם צושטאנד, צו דעם הערשענדען סיסטעם איז ניט געווען קלאר. אצונד האָבען זיך די אויגען געעפענט. דעם רוסישען פאלק שטעהט אין וועג דער קיסר מיט זיינע משרתים, דעם ארבייטער־פאלק — די קאפּיטאליסטישע עקספּלואטאציע. דער צוועק פון קאמפּף דארף אלזא זיין — צו בעפרייען דאס רוסישע פאלק פון סאמאדערזשאַוויע און דאס ארבייטער־פאלק — פון קאפּיטאליסטישען סיסטעם.

מאטיושטשענקא איז געווארען ניט נאר רעוואלוציאנער, אויך סאציאליסט.

די פריילין—סאניא האָט זי געהייסען—האָט געהאלטען ווארט און פערזארגט די מאטראזען מיט אונלעגאלער ליטעראטור, מיט ספּעציעל פערפאסטע פּראקלאמאציעס, וואס פלעגען צוּוואַרפען ווערען איבער די קאזארמעס. דער קרוזשאק בעוואוסטזיניגע איז וואס ווייטער אלץ גרעסער געווארען, און צו ווינטער־צייט איז ער שוין בעשטאנען פון א מאן 65, וועלכע האָבען גאנץ געשמאק געארבייט.

מיט א מאָל האָט מען סאניא׳ן ארעסטירט. די פּראקלאמאציעס האָבען זיך אויסגענומען, די קלוגע ביכלעך אויך, און דער קרוזשאק איז ביי זיך שטארק אראבגעפאלען. אבער דא איז גע־

קומען א געשעהניס, וואס האָט נעדינט פאר אגיטאציאנס־צוועקען טויזענד מאל בעסער פון די פּראקלאמאציעס. דאס איז געווען די רוסיש־יאפּאנישע מלחמה און די מיאוסע מפּלות, וואס די ארמעע און דער פלאט האָבען כסדר געלייזט פון די „געלע מאלפּעס“.

„אט זעהט איהר, האָבען גע'טענה'ט צו די מאטראזען אפּאנאסי מיט זיינע חברים, ס'ארא טרוסען זיי זיינען, די אפיצירען אונזערע, וועלכע איזדיעקעווען זיך אזוי איבער אונז אין דער צייט פון פרידען. און אגב, וואס פאר א טובה וועט אונז אריינברייגגען אפילו א זיעג? די נייע לענדער וועלען דאך סיי ווי בלייבען ביים קיסר און זיינע גענעראלען. און דעם סאלדאט וועט מען אנהייגגען א מעדאל אויפ'ן האלז און איהם לאזען געהן איבער די הייזער.

אין שטאדט האָבען זיך בעוויזען גוטע מענשען, און אויפ'ן הויף פלעגט מען געפינען גאנצע פּעק מיט פּראקלאמאציעס. די מאטראזען פלעגען זיי צוכאפּען ווי הייסע לאקשען און איינפּאך זיך קוויקען מיט זיי. די נאטשאלסטווא האָט זיך געווארפען אויף אלע זייטען, געברענט און געבראטען, אבער עס האָט גאר ניט געהאלפען, ניט מיט בייזען, ניט מיט גוטען. דער קאמאנדיר גופא האָט זיך מטריח געווען און געקומען אין דער קאזארמע בכבודו ובעצמו האלטען א רעדע. אזוי ווי זי איז געווען ביי איהם משמעות די ערשטע פאליטישע רעדע פון אן „איידעלמאן“ צום „פאלק“, איז זי ארויס ניט זעהר געראטען.

„חברה, האָט ער געזאגט, אונזער שונא — דעם יאפּאנעזער העלפט די גאנצע וועלט, דערפאר קענען מיר איהם ניט בייקומען. א סך געלד קריגט ער אויך פון די אידען אין רוסלאנד. לא דאי וואס די אידען גיבען געלד דעם יאפּאנער, פּאסקודיען זיי נאך אין לאנד גופא. זיי בונטעווען די ארבייטער און ווילען אנדערס ניט באקומען גלייכע רעכט מיט די רוסען. מען דארף זיי, ברידער, פּערניכטען פונקט ווי דעם יאפּאנער. דערזעהט איהר א אידען מיט א פּראקלאמאציע, שלעפּט איהם פאר'ן קאלנער אין קאזארמע, און מיר וועלען שוין וויסען, וואס צו טון מיט איהם. גלויבט זיי ניט, ברידער, גלויבט, וואס מיר זאגען אייך“.

די דרשה האָט נאך מעהר אויפגערעגט די מאטראזען. פּראק־לאמאציעס האָבען שוין געזוכט צו לייענען אפילו די, וועלכע האָבען געהערט פון זיי נור צום ערשטען מאָל פון דעם קאמאנדיר'ס מויל.



אפאנאסי מאטיושטשענקא שטעהט פון פראנט אין א ווייס העמדעל מיט צונויפגעלעגטע הענד. דערביי שטעהן רומענישע סאלדאטען.

# צווייטער קאפיטעל.

## דער פארשפיעל צום בונט.

די אגיטאציאן אין קאזארמע צוגיסט זיך ווי א שטראם. — דער נייער רשע, אדמיראל טשוכנין, דערגעהט די יאהרען. — ארעסטען און הויז־זוכונגען. — ערשטער אפענער בונט אין סעוואסטאפאל. — די פאליטישע דעמאנסטראציאן אויף דעם קריעגס־שיף.

די גוטע מענשען וועלכע האָבען פערזארגט די מאטראזען מיט פראקלאמאציעס, האָבען געארבייט ווי כוואטען. מען פלעגט די בלעטלעך געפינען אלע ליעבע טאג אין יעטווידער קאזארמע. וואס מעהר: דער אדמיראל אליין פלעגט ביי זיך אויפ׳ן טיש געפינען יעדען פריהמארגען א פריש־אויסגעבאקענע פראקלאמאציע.

אין דער אייגענער צייט האָבען זיך אנגעהויבען הינטער׳ן שטאדט פערזאמלונגען פון ארבייטער, און די פערזאמלונגען פלעגען באזוכט ווערען פון הונדערטער מאטראזען.

ביי דעם ערשטען מיטינג איז אפאנאסי בעקאנט געווארען מיט די אגיטאטארען פון די ארטיגע רעוואלוציאנערע ארגאניזאציאנען, און ער האָט בעקומען א נייע ארבייט: אריבערטראגען און פערשפרייטען אין די קאזארמעס אונלעגאלע ליטעראטור. אויף אזא׳ן אופן האָבען זיך פערבונדען די איינגסטע בעציהונגען צווישען דעם רוסישען פאלק, וואס איז ארוים געגען קיסר קעמפפען,

און דעם קיסר'ס ארמעע, וואס האָט געגעבען א שבועה אַס דעם נפש צו פערטיידיגען.

אין די הויכע רעגיערונגס־קרייזען האָט מען זיך גיך ארומ־געזעהן, אז די מעשה איז אן ערנסטע, און מען האָט ארונטערגע־שיקט קיין סעוואסטאפּאל אויסצוראטען דעם געפעהרליכען גייסט אדמיראל טשוכנין, א רשע מרושע, א בלוט־הונד, אן אמת'ען פער־טרעטער פון א דעספּאטישען רעזשים. דאס איז געווען דער איי־גענער טשוכנין, וועלכער איז שפּעטער דער'הרג'עט געווארען פון א רעוואלוציאנערקע.

מיט טשוכנין'ס קומען איז דאס לעבען פונ'ם מאטראז גאר פערפינסטערט געווארען. מען האָט געמוזט מקיים זיין יעדע קליי־ניגקייט פון דער דיסציפּלין. דרי מאָל א וואך זיינען געווען הויז־זוכונגען אין דער קאזארמע. פאר א האר האָט מען פערשפּארט אין קארצער, געזעצט אין טיורמע, פערשיקט אין דיסציפּלינאר־באַ־טאליאן, געשמיסען, געפּייניגט.

פערשטעהט זיך, אז די אגיטאציאן האָט דער שווערער רע־זשים ניט איינגעשראקען. אדרבא, דער באָדען איז איצט געווען נאך א סך גינסטיגער ווי פריער.

פּראקלאמאציעס פלעגען אנקומען רעגעלמעסיג, און באלד פערטיילט ווערען צווישען די מאטראזען.

„א מאָל, דערציילט מאטיושטשענקא, געהט צו מיר צו א חבר טשערנאוו און טוט א פרעג:

„ — דא עפּיס פּראקלאמאציעס?

„ — דא. גענוג.

„ — טא גיב זיי, זיי מוחל, אהער. איכ'ל אייך בעווייזען, ווי מען דארף טיילען די סחורה. קום.

„ער האָט גענומען א פּעקעל פּראקלאמאציעס און אוועק אי־בער דער קאזארמע אויסרופענדיג:

„ — ווער וויל קוראפּאטקינ'ס בעריכטען? כאפּט, ברידער. א זעלטענע געלעגענהייט. פרישע, צאפּעלדיגע, נאר וואס אָנגעקו־מען. ריהרט זיך. א־ניט צוכאפּט מען אלע...

„אין איינע פינף מינוט איז דאס פעקעל צוגאנגגען צווישען די הענד“.

שפיאנען זיינען אין קאזארמע ניט געווען, און אזעלכע קונ־צען פלעגען זיך דאס רוב איינגעבען.

די פערזאמלונגען הינטער'ן שטאדט זיינען געווארען עפטער. טשוכנין איז געשפרונגען איינפאך פון הויט. ער האט איינגע־שטריינגט זיין גאנצען דמיון פון א בלוט־הונד און געשאטען מיט אכזריות'דיגע בעפעהלען, אלע טאג א נייע גזרה. ענדליך האט ער פערבאטען די מאטראזען ארויסצוגעהן פון טויער אין גאס אהן א רויטען בילעט. און באקומען אזא בילעט האט מען געקענט נאר זעהר זעלטען. די געדולד ביי די מאטראזען האט שוין מעהר ניט געקענט אויסהאלטען, און עס האט אויסגעבראכען אן אפענער בונט, דער פארשפיעל צום היסטארישען אויפשטאנד אויף „קניאז פא־טיאמקין“.

א שיינעם נאוועמבער־אווענד האט זיך פערזאמעלט אין גאס ביי דער קאזארמע א גרויסע מחנה מאטראזען, בעוואפענט מיט ברעכאייזענס און ציגעל, און זי האט זיך א לאז געטון צו די אפיציר־סקע דירות. איין גליק, וואס די אפיצירען זיינען ניט געווען אין דער היים, א־ניט וואלטען זיי לעבעדיגע ניט ארויס. ווי א שטורם־ווינד האט זיך געטראגען די צוויושעטע מאסע פון איין ווינקעל צום צווייטען און געבראכען, געשטאכען, געריסען און געביסען אליז, וואס זי האט געפונען, אלץ וואס האט געהאט אויף זיך די פער־האסטע חתימה פון דעם קיסר'ס פערהאסטע משרתים. ווען עס איז שוין ניט געווען מעהר וואס צו פערניכטען, האט זיך דער המון בעצ־רוהיגט. ערשט דאמאלס האט זיך באוויזען די נאטשאלסטווא, וועל־כע האט אין דער מהומה מורא געהאט ארויסצושטעקען די נעזער. אבער א קבלת פנים האט זי געקראגען גאר א מיאוס'ען. איין קאמאנדיר האט מען מכבד געווען אין קאפ מיט גלעזער, קענדלעך, אלטע שטיוועל. א צווייטען האט מען צוזאמען מיט'ן פערד, אויף וועלכען ער איז געפלויגען איינשטילען דעם בונט, ארייננגעווארפען אין א גראבען.

וואס פאר א כאראקטער האָט געטראגען דער בונט? **איז** דאס געווען אן אויסברוך פון דעם בעוואוסטזיניגען רעוואלוציא־נערען גייסט, אדער דער בלינדער צארן פון א צורייצטער ווילדער חיה, ביי וועלכער עס האָט געפלאצט די געדולד?

„איך האָב געווארט, דערציילט מאטיושטשענקא, אז די מאט־ראזען וועלען כאפען די ביקסען און דערשטעכען זייערע תליונים. איך האָב געהאפט, אז אנשטאט די געשרייען: ארונטער טשוכנין! ארונטער די רויטע בילעטען! וועל איך דערהערען: ארונטער סאַ־מאדערזשאוויע! עס לעבע די פרייהייט! אבער איך האָב זיך ניט דערווארט.... שוים־זשע איז נאך ניט געקומען די צייט?“

על כל פנים ניט...

דער שטורם האָט זיך פארבייגעטראגען אזוי שנעל און אזוי פלוצלונג, ווי ער האָט זיך אנגעטראגען. אויף מארגען האָבען זיך אנגעפאנגען ארעסטען, און פינף און פופציג מאן זיינען פער׳משפט געווארען — ווער צו קאטארזשנע ארבייט, ווער צו טיורמע, ווער צו דיסציפלינאר־באטאליאן. אבער די רויטע בילעטען האָט מען אבגע־שאפט, און אויך א פאר אנדערע גזרות.

דערווײלע האָט זיך אבגעשפילט דאס בלוטיגע דראמא פון 9טען יאנואר. די קאזארמע, וואו מען האָט נאכ׳ן בונט א ביסעל פערלארען דעם מוט, האָט זיך ווידער א ריס געטאן. מיט אן אנגע־שטרײנגטען אויער האָט זי גענומען זיך צוהערען צו דינייע קלאנגען וואס האָבען זיך געלאזט הערען אין גאס הינטער די גראע ווענד. די אגיטאציאן האָט זיך צוגאסען ווי א שטראם אין פריהלינג, ווען דער אייז איז פארביי. אפילו דער סאמע פערדולטער מח האָט גע־מוזט באגרייפען, וואס פאר א נישטיגע באשעפענים עס זיצט אויפ׳ן טראן און וואס פאר א גוטער טאטע ער איז דאס צו דעם פראס־טען פאלק, דעם ארבייטער־פאלק...

דעם 1טען אפריל 1905 האָט „קניאז פאטיאמקין“ ארויפגע־נומען זיין גאנצע קאמאנדע און גענומען מאכען הכנות אוועקצוגעהן אין ים.

און אין ווייטען מזרח האָט דער רוסישער פּלאַט אין דער צייט געכאַפּט איין מפּלה נאָך דער צווייטער. און יעדער נייע מפּלה האָט אונטערגעגראַבען די דיסציפּלין.

„ — די נאַטשאַלסטוואָ פיהרט אונז צו דער שחטה, און מיר ווי שעפּסען לאָזען זיך פיהרען!“ אַט אַזוינע רעד האָבען זיך געהערט צווישען די מאַטראָזען.

צום סוף איז געקומען דער לעצטער קלאַפּ — צוסימאַ. לכתחלה איז אַרוים אַ קלאַנג, אַז געוואונען די שלאַכט האָט ראָזשדעסטווענסקי, און די מאַטראָזען האָט מען געפיהרט אין קלויסטער דאַנקען גאָט פאַר דעם גלענצענדען נצחון.

„ברידער, האָט גע'דרשנ'ט דער גלח, דער השם יתברך האָט זיך מרחם געווען איבער אונזער טייערען פאַטערלאַנד. מיט דער הילף פון דעם הייליגען ניקאָלאַי בעל־מופת איז דער שונא צושלאַגען אויף פּיץ־פּיצלעך. אַלע יאַפּאַנישע שיפען האָט אונז גאָט ברוך הוא געהאָלפען צו דערטרינקען. טאָגאָ גופא איז געפאַנגען געוואָרען“.

אָבער אויף מאָרגען איז אָנגעקומען דער אמת'ער בעריכט, און די מאַטראָזען האָט מען ווידער געיאַגט אין קלויסטער אויף אַן אל מלא רחמים נאָך די צעהן טויזענד אונשולדיגע יונגע לעבענס, וואָס זיינען אומגעקומען פאַר'ן טייוועל.

„ברידער, האָט געדרשנ'ט דער זעלבער גלח, שוין מיט אַ טאָן נידריגער ווי נעכטען, — דער אויבערשטער קען שוין מעהר ניט אויסהאַלטען פון אונזערע זינד. ער האָט אונז צוגעשיקט אַ נייעם נסיון. אין זיין צאָרן האָט ער אָבגעווענדעט דעם בליק פון אונז, און דערלאָזען די יאַפּאַנעזער צו מאַכען אַ תל פון דעם רוסישען פאָלק. ברידער! טוט תשובה און וויינט“.

דער טייל בעוואוסטזיניגע, וואָס זיינען געווען אויפ'ן שיף האָבען בעשלאָסען צו ענטפערן אויף צוסימאַ מיט אַ דעמאָנסטראַציע. דעם זעלבען אָווענד, באַלד נאָך דער תפלה, האָבען זיך דערהערט אין דער מאַסע מאַטראָזען דראָהענדיגע קולות.

„לומפּען! פערקויפט דעם פאָלק!

„גענוג געליטען! מען וועט נאך אונז אויך פערקויפען!

„שלאגען דארף מען זיי, די הינד!

„ברידער, שליידערט זיי אריין אין וואסער! וואס קוקט איהר זיי אין די ציין?

אוף מארגען האָט מען אלע מאטראזען אויסגעשטעלט אויפ'ן דעק און אנגעפאנגען צו דערגעהן, ווער עס האָט דאס נעכטען גע־בונטעוועט. אבער די אנפיהרער האָט קיינער ניט ארויסגעגעבען, און דער קאמאנדיר פון שיף גאליקאוו האָט א סטראשע געטאן, אז ווען עס טרעפט זיך אזא זאך נאך א מאָל, זעצט ער אלעמען אריין אין א בארזשע, פיהרט זיי ארויס אין מיטען ים און דערטרינקט זיי ווי בלינדע קעצלעך.

„איהר קענט מיך, — האט ער געענדיגט, — טרייבען שפאס האָב איך פיינט, דאס ווייסט איהר גאנץ גוט. וואס איז דאס מיט אייך געווארען? איהר זייט דאך ניט קיין אבגעריסענע ארבייטער, וועלכע בונטעווען זיך, ווייל די זשידעס — די פארכעס רייצען זיי אן. איהר דינט דעם קיסר! געדיינקט־זשע“...

די ווערטער האָבען די מאטראזען גאר גוט געדיינקט. דער יום הדין אין שוין געווען ניט ווייט.



# דריטער קאפּיטעל.

## דאס בלוטיגע דראמא.

די מאטראזען ווילען ניט עסען די ווערימדיגע פלייש. — די נאטשאלסטווא נעמט לערנען מיט זיי בלק. — דער ערשטער צוזאמענשטויס. — מאטראז וואקולינטשוק דער׳הרג׳עט פון אן אפיציר. — די חברים פון גע׳הרג׳עטען זיינען זיך נוקם פאר זיין בלוט אן די פערהאסטע אפיצירען. — דער שיף שטעלט זיך אין דינסט פון דער רעוואלוציאן.

דעם 12טען יוני איז „קניאז פאטיאמקין" אוועק צו דער וויסטער אינזעל טענדר. ער האָט געזאלט דארטין מאכען פראבעס מיט זיינע ריזיגע קאנאנען. די מאטראזען זיינען פערמוטשעט געווארען. פון פינף אין דער פריה איז מען שוין געשטאנען אויף די פיס און „געדינט דעם קיסר". און דעם קיסר׳ס טרייע משרתים, די אפיצירען, האָבען זיי מכבד געווען אלע וויילע — דאס מיט א בוכטשע אין האלז, דאס מיט א פלעם אין באק, דאס מיט אן עיפּוש׳דיגען „אין דעם טאטען׳ס טאטען אריין". די מאטראזען האָבען ניט געוואלט ליידען, געבורטשעט, געענטפערט צוריק, אבער יענע האָבען גערייצט אלץ מעהר און מעהר זייער אונצופרידענהייט מיט קלעפּ און בעליידיגונגען. מען האָט געקענט מיינען, אז זיי טוען דאס

מיט א כיון, אז זייער כונה איז טאקי נאר ארויסצורופען א בונט אויפ'ן שיף. אפשר איז דאס געווען טשוכנין'ס פלאן? דעם ארויס-גערופענעם בונט דערטרינקען אין דעם בלוט פון די בעוואוסטזיני-גע אנפיהרער און אויף אזא'ן אופן אויסראטען איין מאל פאר אלע מאל דעם שעדליכען רעוואלוציאנערען גייסט. ווער קען וויסען? אז די רוסישע רעגירונג האלט שטארק פון דעם סארט מיטלען אין דעם קאמפף מיט דער רעוואלוציאנערער בעוועגונג איז גאר ניט קיין נייעס. ביישפילען, באווייזען דארף מען ווייט ניט זוכען. נא-מיר נעמען דעם גרעסטען טייל פון די אידישע פאגראמען, די ארמע-נישע פאגראמען, אדער דעם מאסקאווער אויפשטאנד. דאס איז אלץ די זעלביגע פאליטיק. דורך פראוואקאציע ארויסגערופען צו גוואלד מעשים אדער איינפאכען פראטעסט א געוויסען עלעמענט פון דער בעפעלקערונג, דעם מעהר פארטגעשריטענעם, דעם מעהר אנגע-שטעקטען מיט'ן פרייהייטס גייסט, און דערנאך די בונטאוו-שטשיקעס אויסגעקוילעט. ס'איז דאך דא פאר דער וועלט אזא טיי-ערער אויסרעד! ביי דער ביוראקראטיע, וועלכע וויל ניט אבגעבען איהר מאכט אין דעם פאלק'ס הענד, זיינען אלע מיטלען כשר וישר: קיין גרויסע אויסקלייבערקע איז זי קיין מאל ניט געווען...

מילא, צו די נאטשאלסטווא האט געוואלט האבען א בונט צו ניט,אבער איין זאך איז יע זיכער: די בעוואוסטזיניגע מאטראזען האבען קיין שום בונט ניט געוועלט האבען דערווייל. איינגענטליך געקלערט וועגען א בונט האבען זיי שוין א לאנגע צייט. א פאר טעג פאר „פאטיאמקין'ס" אוועקגעהן קיין טענדר, האבען די מאט-ראזען זיינע געשיקט א בריעף צו דער סעוואסטאפאלער סאציאל-דעמאקראטישער ארגאניזאציאן, און אין דעם בריעף געפרעגט אזא שאלה: צו עס וועט ניט שעדיגען א שטייגער דער רעוואלוציאנערער בעוועגונג אין רוסלאנד, ווען זיי, די מאטראזען, הייסט דאס, פון דעם קריעגס-שיף, זאלען זיך אויפהויבען געגען קיסר? די ארגאני-זאציאן האט די שאלה ארומגעקלערט גרינדליך, און ס'איז בעשלא-סען געווארען צו בעטען די מאטראזען אבצוואווארטען ביז'ן סוף זומער. אויפשטעהן דארף מען אלע מיט א מאל, איינציגווייס איז

ארויסגעוואָרפענע אַרבייט; און פאַר איין אַלגעמיינעם אויפשטאַנד איז דער פּלאַט פון שוואַרצען ים לעת עתה נאָך ניט פאַרטיג. „פּאָט־יאָמקין" האָט אויף דעם געענטפערט, אַז ער נעמט אָן דעם בע־שלוס פון דער אָרגאַניזאַציאָן און וועט וואַרטען ביז'; סוף זומער.

דאָס בעווייזט, אַז אַרויסרופען אַ בונט אויף'ן שיף איז געווען אַזוי לייכט ווי אַ האָר פון מילך. דער אויפריוּנגס־מאַטעריאַל איז געלעגען אַ פאַרטיגער, און ווער האָט געזאָלט זיין דעם, וואָס איז געקראָכען מיט פייער צום פּולווער־סקלאַד!

אָנגעהויבען האָט זיך דעם 14טען יוני אין דער פריה. דעם אָוונט פאַר דעם איז געקומען פון אָדעס דאָס מינען־שיפעל נומער 267 מיט פּראָוויאַנט: בולבע, קרויט, פלייש. די פלייש האָט מען אויפגעהאַנגען איבער נאַכט אויף דעם הינטערסטען דעק. די מאַט־ראָזען זיינען אויפגעשטאַנען, ווי געוויינליך, אום פינף אַ זייגער אין דער פריה, און נאָכ'ן כּאַגערען אָנבייסען זיך גענומען צו דער אַר־בייט. מיט אַ מאָל האָבען זיך דערהערט רעד, אַז די פלייש איז פול מיט ווערים. ביים פלייש איז געוואָרען אַ געזעמעל. מען קוקט, מען שמעקט, מען זידעלט די אַדמיניסטראַציע. דער קאָמאַנדיר האָט דערהערט פון דער געשיכטע, רופט ער דעם דאָקטאָר סמירנאָוו און הייסט איהם באַקוקען די פלייש „וויסענשאַפטליך". יענער קומט צוגעהן, מוט אָן די ברילען, גיט אַ ציה מיט דעם נאָז און מאַכט:

„די פלייש איז אַן אַנטיק אין דער וועלט. די קאָמאַנדע איז צו־לאָזען און וויל זעריגער ניט עסען די פלייש. ווערים... נו, וואָס איז די צרה! די ווערים שווענקט מען אָב מיט וואַסער, און גאַר.

ווי באַלד, אַז דער דאָקטאָר האָט געכשר'ט, איז דאָך אודאי צו רפואה. פון די פלייש האָט מען אויסגעקאָכט אַ באָרשטש.

די גאַנצע צייט ביז אָנבייסען זיינען די מאַטראָזען געווען אויפגערודערט.

„הינד זיינען מיר, וואָס? אַט געה נאָכדעם זינען, ווער אויס־געריכען...

אום האַלב עלף דערהערט זיך דער פייף: „עסען!"

די מאטראָזען נעמען זיך צו שטיקער ברויט און קענדלעך וואַ־סער, טונקען און עסען, אבער צום בארשטש ריהרט זיך קיינער ניט צו.

„וואס איז די מעשה? פרעגט דער קאמאנדיר. פאר וואס עסט איהר ניט דעם בארשטש?

„קענסט אליין לאָפּען, — שרייען די מאטראזען, — און מיר וועלען עסען ברויט מיט וואסער.

גאליקאוו האָט געהייסען געבען דעם סיגנאל זיך צונויפצו־קלייבען.

די קאמאנדע ווי איין מענש האָט זיך אויסגעשטעלט אויפ׳ן דעק.

„איך האָב אייך טויזענד מאָל געזאגט, — הויבט אן דער קאמאנדיר, — אז בונטעווען אויף א קריעגס־שיף איז חיות ניט זיכער. פאר אזעלכע מעשים הייגגט מען א מאטראז אט א דארטין, אויף יענעם באלקען... ווער עס וויל עסען דעם בארשטש, זאל ארויסטרעטען אהערצו־צו.

עס זיינען ארויס א מאן צוועלף, מעהר ניט. די איבעריגע האָ־בען זיך א ווארף געטאן צום טורעם, פון וואנען מען האָט געקענט אהן ריזיקע רעדען מיט דער נאטשאלסטווא. צוויי אפיצירען האָבען זיך באלד א ווארף געטאן אין מיטען, פערשטעלט דער קאמאנדע דעם וועג, און א מאן צוואנציג, וואס האָבען קיין צייט ניט געהאט צו דערלויפען, זיינען ארומגערינגעלט געווארען פון דער וואך.

מיט בלייכע געזיכטער איז געשטאנען די קאמאנדע לעבען טורעם. דאס הארץ האָט געקלאפּט ווי מיט האמערס פון נערוועיאי־שער אויפרעגונג, פון מורא פאר די חברים, פון דער אייגענער גע־פאהר. ווען די עלטסטע אפיצירען וואלטען אין דעם שרעקליכען און ענטשלאסענעם מאמענט ארויסגעוויזען מעהר טאקט, מעהר מענ־שיסקייט, מעהר פּראקטישער אויסגערעכענטקייט, ווען זיי וואלטען ניט געקוקט אויפ׳ן מאטראז ווי מען קוקט כדומה אויף א מאשין, אויף א שטיק האָלץ, וואס האָט ניט קיין נשמה ,קיין אייגענעם ווי־לען, קיין הייסע בלוט אין די אדערן, וואלט מען נאך געקענט אלץ

פערריכטעץ. אבער מעהר ווי טשוכנין׳ס בעפעהלען זיינען ביי די אפיצירען אין קאפ ניט געלעגען. און איינגעהן אויף פשרות, זיך איבערבעטען, מושיה ווערען, דאס האָט קיינער אפילו אין זינען ניט געהאט.

און אין דער טויטער שטילקייט האָט זיך פלוצלינג דערהערט דער געשריי פון עלטערען אפיציר גיליאראוווסקי:

„באצמאן, דערלאנג דעם ברעזענט!

דאס האָט געהייסען, אז די צוואנציג מאן וועט מען צודעקען מיט דעם דורכגעסמאלעטען שטיק לייווענד און ארייגלאזען אין די הילפלאזע מאסע פון לעבעדיגע מענשען א האגעל מיט קוילען.

ביי די מאטראזען לעבען טורעם האָט פערכאפט דער אטעם. רויטע פייערלעך האָבען גענומען שפרינגען פאר די אויגען. שמייטש! די רציחה! דערפאר, וואס יענע האָבען ניט געוואלט פער־זוכען די ווערימדיגע פלייש, וועט מען זיי אויס׳הרג׳ען גאר ווי מייז־לעך אין א זאק. און דערצו נאך אהן א דין און אהן א משפט. און זיי דארפען דאס צוזעהן און ניט האָבען דימעגליכקייט צו ראטעווען די חברים פון די מערדער׳ס הענד. די נערוועז זיינען געוועזען אנגע־שטריינגט ביז צום העכסטען גראד. אט־אט פלאצט די געדולד, און די בעסטיע רייסט זיך ארויס פון דעם מענשען.

און דאס שרעקליכסטע איז געשעהן.

דער מאטראז „איקס“ (זיין נאמען טאר ניט דערמאנט ווערען צוליעב געוויסע אורזאכען) גיט דער ערשטער א געשריי:

„ברידער, זעהט נאר, וואס זיי טון מיט די חברים אונזערע! כאפט די ביקסען און מאכט פון זיי א סוף, פון די חמרים!

מעהר ווי דאס האָט ניט געפעהלט. די קאמאנדע האט תיכף געכאפט די ביקסען און זיך אוועקגעלאזען צום פלאץ, וואו עס זיי־נען געשטאנען די פער׳משפט׳ע צום טויט. און אויפ׳ן דעק הילכען שוין מעכטיגע רעוואלוציאנערע אויסגעשרייען. „אורא!“ עס לעבע די פרייהייט!“ „ארונטער די מלחמה!“ „ארונטער די סאמאדער־זשאוויע!“

דער קאמאנדיר מיט צוויי אפיצירען האָט די מאטראזען פער־שטעלט דעם וועג. „איקס“ לויפט צו.

„וואס דארפסטו דא האָבען? — פרעגט איהם דער קאמאנ־דיר, — שטעל אוועק דעם ביקס.

„איכ'ל אוועקשטעלען דעם ביקס, ווען דער טויט וועט צו מיר קומען, ניט פריער.

„אוועק פון שיף!

„דער שיף איז ניט דיינער, ער געהערט צום פאלק!

דער קאמאנדיר איז נעלם געווארען. „איקס" און א צווייטער מאטראז וואקולינטשוק האָבען אנגעלאדען די ביקסען.

דער מערדער גיליאראווסקי האָט זיך געלאזט לויפען. וואַקולינטשוק נאך איהם. פלוצלינג דערהערט זיך א שאס. לעבען טורעם דערזעהן די מאטראזען זייער חבר א דערשאסענעם און דערביי דעם עלטערען אפיציר מיט א ביקס אין האנד. זייער צארן האָט זיך ביי דער סצענע מורא'דיג צופלאקערט. אה, די רוצחים! „א טויט די טיראנען!" „עס לעבע די פרייהייט!" גיליאראווסקי פאלט אויף דר'ערד, א בעגאסענער מיט בלוט, און זיין טויטען קערפער שליידערט מען תיכף אריין אין ים. דאס איז שוין געוועזען דער צווייטער אפיציר, וועלכער איז געפלויגען אין די כוואליעס מיט א צושאסענעם קאפ. א דריטער אפיציר, וועלכער האָט גענומען שיסען אין „איקס", כאפט דעם זעלביגען פסק. פלוצלינג הערט מען:

„דער קאמאנדיר איז דא!"

„ברייננגט איהם אהער!" מאכט „איקס".

און אויפ'ן דעק האט זיך דערוויזען דעם קיסר'ס הויפט־משרת, מוטער־נאקעט, נאר מיט איין ווייסען רעקעל אויף זיך. אט דאס איז געוועזען דער גרויזאמער דעספאט, וועלכער איז זיך בעגאנגען מיט די מענשען ערגער ווי מיט פיה, געטרעמפעלט אונטער די פיס זייער ווירדע, און צו די אלע מעלות כסדר זיי בע'גנב'עט.

ער האָט זיך אויסגעטאן נאקעט וואהרשיינליך מיט'ן צוועק אראבצושפרינגען פון שיף און זעהן צו דערשווימען ביז'ן מינען־שיפעל נומער 267, צו וועלכען עס האָבען זיך שוין א לאז געטאן א פאר אנדערע אפיצירען.

ער איז געשטאַנען, א צוטומעלטער, א צורודערטער, און גע־רעדט ווי מיט זיך אליין:

„אוי, ס'אַראַ'ן אַלטער נאַר איך בין! זעה נאַר, וואָס איך האָב געמאַכט מיט דער קאַמאַנדע!

דאַ האָט ער אויפגעהויבען די אויגען, דערזעהן „איקס'ען" און איהם ארומגעכאַפּט.

„שוועער, זאָגט ער, האָב איך געזינדיגט געגען אייך אַלעמען. זייט מיר מוחל, ברודערל.

„איך פערזענליך האָב צו דיר גאָר ניט, — ענטפערט יענער. — ס'וועגדט זיך, וואָס די קאַמאַנדע וועט זאָגען.

די שטימונג פון דער קאַמאַנדע איז ניט געוועזען קיין ערב־יום־כפור'דיגע. אין זכרון זיינען נאָך פריש געוועזען די מיט א פינף מי־נוט פריער איבערגעלעבטע שרעקעניסען, און עס האָבען זיך דער־הערט אויפגערייצטע, צאָרנדיגע שטימען:

„היינגט איהם אויף, דעם לומפּ! ער האָט אונז געסטראַשעט מיט'ן באַלקען, זאָל ער איהם אצונד אליין פערזוכען!

„ניין, א צו לאַנגער טויט, האָבען געשריען אנדערע, א קויל אין שטערן און גע'פּטר'ט.

דעם קאַמאַנדיר האָט מען אבגעפיהרט אַן א זייט, און אין א מינוט ארום איז דער דורכגעלעכערטער קערפּער געפלויגען אין ים אריין.

מען וועט זאָגען, אַז אוועק'הרג'ען אַן עלטערען מענשען, א הילפלאָזען, אַן אונבעוואָפענטען, איז ברוטאַל. יע, עס איז ברוטאַל, און דאַרף ארויסרופען ביי יעדערן אַן עקעל צו זיינע מערדער. אבער ווען איז דאָס געדעדט געוואָרען? ווען דאָס קומט פאַר אונ־טער געוויינליכע אומשטענדען, און דער טויט אדער דאָס לעבען פון דעם דאָזיגען מענשען ליגט ניט אויפ'ן וואָגשאָל פון א גרויסען וויכטיגען קאַמפּף, וואו עס שטעהט אין געפאַהר דאָס לעבען פון הונדערטער מענשען. מען רעדט שוין ניט, וואָס די מאַטראָזען זיינען געוועזען אין דער מינוט צופלאַמט און בייצושטעהן דעם זיסען געפיהל פון נקמה איז געוועזען פאַר זיי ניט נאָך די כחות נאָך. דאָס פער־

שטעהט מען. אבער א חוץ דעם וואלט גלאט געווען אן אונפערציי־
בארע נארישקייט צו האלטען א לעבעדיגען קאמאנדיר אויף א רע־
בעלירטען שיף. דאס איז אלץ איינס ווי צו האלטען אין א פרייער
רעפובליק דעם נאר וואס ארונטערגעווארפענעם קיסר מיט א קאפ
אויף די פלייצעס.

ווען די פראנצויזען א שטייגער האבען בעשלאסען, אז א רע־
פובליק טויג פאר זיי בעסער איידער א מאנארכיע, האבען זיי דארום
די ערשטע זאך ארונטערגענומען דעם קאפ ביי זייער געזאלבטען
הערשער. די מאטראזען פון „קניאז פאטיאמקין" האבען אלזא גע־
האנדעלט נאכ'ן אינסטינקט פון אלע אנדערע אויפגעשטאנענע.

אין דער צייט זיינען די עטליכע אנטלאפענע אפיצירען ארויף
אויפ'ן מינען־שיפעל, און יענער איז שוין געווען פארטיג צו מאכען
א ויברח קיין סעוואסטאפאל. „איקס" האט געהייסען אויסשיסען
אין שיפעל פון א קאנאנע, און מען האט באלד דערזעהן, ווי דאס
שיפעל פליהט צום „קניאז פאטיאמקין". ווען דאס איז צוגעקומען,
האט מען ארונטערגענומען אלע אפיצירען. „א טויט זיי!" „אין ים
אריין!" האט די קאמאנדע גענומען שרייען. אבער דא האבען זיך
אריינגעמישט די בעוואוסטזיניגע, די אמת'ע קעמפפער פאר דעם
פאלק'ס פרייהייט:

„גענוג וועט שוין זיין צו פערגיסען בלוט. דער שיף איז
דאך איצטער ביי אונז אין די הענד, און די מיאוס'ע ברואים קענען
אונז קיין שום בייז ניט טון. נאמיר אבוואשען דעם דעק פון בלוט...

די צוהיצקייט איז מאמענטאן אראב ווי מיט דער האנד. די
מאטראזען האבען אוועקגעשטעלט די ביקסען אויף זייער ארט, אנ־
געשלעפט וואסער מיט סאדע, און מען האט אנגעפאנגען צו רייבען
דעם דעק.

צו „איקס'ען", אין וועלכען די גאנצע קאמאנדע האט פון דער
ערשטער מינוט אן אנערקענט איהר פיהרער, האט מען גענומען
ברייגגען איינציגווייס די אפיצירען. מען האט זיי געפונען בעהאל־
טען — ווען אונטער'ן בעט, ווען אין אן אלמער, ווען פער־
רוקט צווישען די מאשינען. „איקס" האט זיי אלעמען געהייסען

ארייגזעצען אין א קאיוטע און ניט ארויסלאזען. געפעהלט צו דער שמחה האָט נאר דער דאקטאר סמירנאוו. קומט צוליופען א מאט־ראז און זאגט אן, אז דער דאקטאר האָט זיך דערשאסען. מען געהט צו איהם אין קאיוטע. ער ליגט א גוסס׳ער.

„ברידער, בעט ער זיך, לאזט מיר רוהיג שטארבען.

„פאר וואס האָסטו געזאגט, אז די פלייש איז געווען גוט? — דערמאנט מען איהם.

„ברידער, מאכט ער, איך בין זיך מתודה פאר אייך אלעמען פאר׳ן טויט, אז איך האָב אלץ געזעהן, אבער איך האָב קיין רעכט ניט געהאט צו רעדען.

זיך גענומען דאס לעבען האָט נאך איין אפיציר.

דער טרויעריגער סך הכל איז בכן געווען: זיבען אפיצירען — טויט, דרייצעהן — ארעסטירט. א חוץ דעם זיינען דער׳הרג׳עט גע־ווארען דורך א טעות עטליכע מאטראזען (אנדערע זאגען — א מאן 20). די מעשה איז אזוי געווען. בעת דאס מינען־שיפעל איז צוגע־גאנגען צום קריעגס־שיף, האָבען זיך אייניגע מאטראזען א ווארף געטאן פון גרויס שרעק אין וואסער. די קאמאנדע האָט געמיינט, אז דאס זיינען אפיצירען און גענומען אין זיי שיסען.

וואס מען וועט טון מיט דער ארעסטירטער נאטשאלסטווא האָט געזאלט בעשלאסען ווערען שפּעטער. דערווייל איז געווען צו בעהאנדלען א סך וויכטיגערע געשעפטען.

מען האָט דעם שיף אבגעאנקערט, צוגעגרייט די קאנאנען צום שיסען אויפ׳ן פאל, ווען דער שיף וועט אנגעגריפען ווערען פון שונא, דער סעוואסטאפּאלער עסקאדרע, און מען איז אוועק קיין אדעס.

אויפ׳ן וועג איז איינגעשטעלט געווארען א פאלשטענדיגע ארדנונג. די מאטראזען האָבען ערוועהלט א קאמיסיע פון זיבצעהן מאן (מאטיושטשענקא איינער פון זיי), און זי האָט געפיהרט די איינציגע פרייע דעמאקראטישע רעפּובליק אין רוסלאנד, וואס האָט ניט געוואלט וויסען פון די ראמאנאוום ממשלה. דאס אייגענטום האָט קיינער ניט געטארט אנריהרען. איין אויסנאהם האָט מען יע געמאכט: דעם בופעט מיט די גוטע און טייערע פארבייסענס און

משקאות, וואס מען האָט אויפ'ן שיף געהאלטען פאר די אפיצירען, האָט די קאמיסיע אוועקגעגעבען אין דעם רשות פון די מאטראזען. זאלען זיי אויך איין מאָל אין לעבען פערזוכען דעם טעם פון מאד־צעפּאנעס! ארבייטען האָט יעדערער געקענט, וואו ער האָט גע־וואלט און ווי פיעל ער האָט געוואלט, שלאפען אויך. די וויכטיגסטע פראגען האָבען געדארפט פארגעלעגט ווערען אויף דער בעשטימונג פון דער גאנצער קאמאנדע.

די נויטיגסטע זאך צו טאן באלד אויפ'ן ארט איז געווען ארויפצונעהמען וואס מעהר עסענוואַרג, וואסער, קאהלען, און צו דערגעהן די שטימונג פון דער איבעריגער עסקאדרע, וועלכע איז געשטאנען אין סעוואסטאפאל. עס איז געווען נאך אבגעמאכט אין סעוואסטאפאל, אז אויב עס זאל זיך וואס ניט איז מאכען אויף „קניאז פאטיאמקין", ס'הייסט אז עס זאל אונגעריכטערהייט אויס־ברעכען אן אויפשטאנד, וואס מען וועט ניט קענען פערמיידען, זאל יעדער שיף טאן ביי זיך דאס אייגענע, וואס „פאטיאמקין" האָט געטאן, און אזוי שנעל ווי מעגליך מיט איהם זיך פעראייניגען.

אבער ביז וואנען מען וועט ניט וויסען בעשטימט, ווי עס האלט מיט דער עסקאדרע, האָט די קאמיסיע בעשלאסען צו האל־טען זיך פאסיוו, ד. ה. ניט צו מאכען קיין שום אטאקעס — ניט אויף שטעדט, און ניט אויף קריגס־שיפען.

דעם 14טען יוני, שפעט אין אווענד, איז „קניאז פאטיאמקין" צוגעגאנגען צו אדעס, אין דער בעגלייטונג פון דעם מינען־שיפעל נומער 267, און האָט זיך פעראנקערט אין דעם אויסוועניגסטען האפען.



דער אינערליכער אדעסער האפען. אין דעם אויסוועניגסטען האפען זעהט זיך דער רעוואָ־
לוציאנערער פאנצערשיף „קניאז פאטיאמקין“.

# פיערטער קאפיטעל.

## א רעפובליק אויפ'ן וואסער.

די רעוואלוציאנערע טעג אין אדעס. — דער קריגס־שיף טרעט אריין אין פערבינדונג מיט דעם אויפגעשטאנענעם פראלעטאריאט. — וואקולינטשוק'ס טויטער קערפער ווערט געבראכט אויף דער יבשה. — א דעפוטאציע פון שטאדט אויפ'ן קריגס־שיף. — די אונטערהאנדלונגען מיט דער נאטשאלסטווא.

און איבער אדעס האט זיך געטראגען אין דער צייט א מעכטיגער רעוואלוציאנערער שטורם. דער אויסגעהונגערטער פראלעטאריאט האט ערקלערט א גענעראל־סטרייק, די פאליציי האט אנגעווענדט די גרויזאמסטע מיטלען דעם סטרייק צו צוברעכען;די קאזאקען האבען זיך ווילד צווישעט; קוילען האבען געקנאקט אין אלע עקען פון שטאדט, און בלוט, מייסטענס ארבייטער־בלוט, האט בעדעקט די קאלטע שטיינער פון די גאסען.

אנגעהויבען האט זיך דער סטרייק דעם 13טען יוני, און נאך א קורצען קאמפף צווישען די אבגעשוואכטע און שלעכט־בעוואפענטע ארבייטער פון איין זייט און דער אבגעפרעסענער און גוט־בעוואפענטער פאליציי און מיליטער פון דער אנדערער זייט וואלט

דער סטרייק געקומען צו אן ענד. אבער אז אין האפען האָט זיך בעוויעזען גאר אונגעריכטערהייט דער נייער קעמפפער פאר'ן פאלק'ס פרייהייט מיט זיינע קאנאנען און מינען און געפאנצערטע זייטען, זיינען די סטרייקער אויפגעמונטערט געווארען. פרישע קרעפטען האָבען זיי דערפיהלט אין זיך, דעם קאפ אויפגעהויבען, מען האָט שון פאנטאזירט פון א שנעלען נצחון איבער דער סאַמאדערזשאוויע, פון א דעמאקראטישער רעפובליק און אפשר נאך פון דער כאציאלער רעוואלוציאן.

די גאסען זיינען פוסט, אפילו די אינגלעך זעהט מען ניט. ווער עס האָט נאר פיס, דער לאזט זיך לויפען צום האפען אום צו זעהן מיט די אייגענע אויגען דעם רעוואלוציאנערען שיף. פערשיעדענע קלאנגען טראגען זיך אין דער לופט. מען רעדט, אז די מאַטראזען ווילען ארייַן אין שטאדט, אז די שטאדטיגע מיליטער האָט בעשלאסען צו פעראייניגען זיך מיט זיי, אז פון ניקאלאיעוו געהען צופוס 700 בעוואפענטע ארבייטער, אז באלד קומען אן די איבריגע שיפען פון סעוואסטאפאל און שטעהן צו צו „פאטיאמקין'ען".

ווען אין שטאדט געהן ארונטער פון שיף א מאן פינף הונדערט מאטראזען, קען אפשר זיין, אז די שטאדט וואלטען זיי געקענט לייכט איינגעהמען. דאס איז גערעדט געווארען, פערשטעהט זיך, ווען דער שיף זאל דערוויילע טראסקען מיט זיינע ריזיגע קאַנאנען. די מעשה איז, אז מיליטער איז אין אדעס געווען גאר ווענִיג, ווייל אין די דערפער ארום ארעס האָבען זיך דעם זומער געבונטעוועט די פויערים, און די סאלדאטען האָבען „געארבייט" דארטין. די, וואס זיינען געוועזן געבליבען, א חוץ די קאזאקען נאַטירליך, האָבען דאס רוב מיטגעפיהלט מיט דער בעוועגונג. און דאס פאלק איז דאך אודאי געוועזן אויפ'ן צד פון די רעוואלוציאנערען. ווער האָט געקענט שטערען די מאטראזען צו פערכאפען דעם טעלעגראף,דעם טעלעפאן, צו פערניכטען די אייזענבאהן כדי פרישע מיליטער זאל ניט קענען צוקומען, צו ארעסטירען די גאנצע נאַטשאלסטווא, לייז צו מאכען די טיורמעס פאר פאליטישע? און דערנאך, ווי די פיהרער פון שיף האבען טאקי אין דער אמת'ן געפלאַנע-

וועט, וועט מען די שטאדט בעפעסטיגען, אנקלייבען דא צווישען דער בעפעלקערונג א גרויסע ארמעע, זי גוט בעוואפנען מיט'ן גע־וועהר פון די רעגיערונגס־סקלאדען, און אוועק איבער שטעדט און דערפער — אויפהויבען די פויערים, די ארבייטער, די אלע, וואס פיהלען אויף זיך דעם שווערען יאך פון צאר און קאפיטאל און האָ־בען נאך דעם מוט צו קעמפפען פאר דער אייגענער בעפרייאונג. די איבעריגע שיפען פון שווארצען־ים־פלאט וואלטען אין דעם פאל גאנץ געווים אריבער צו דער רעוואלוציאן. מען וואלט גיך פערכאפּט די ברעגעס פון שווארצען ים, איינגענומען קאווקאז. דריי פאנצער־שיפען און עטליכע לייכטערע (קרייצערס) וואלטען אוועק אין באל־טישען ים (?). אין קרוינשטאט איז דאך מעהר קיין פלאט ניט גע־וועןֿ: די שיפען האָט טאָגאָ גע'פּטר'ט. און די שילוחים פון דעם רעוואלטירטען פלאט וואלטען אונגעשטערטערהייט צוגעקומען צו פעטערסבורג, באמבארדירט די הויפט־שטאדט, און... געבענטשט איז דער, וואס קען טרוימען זיסע חלומות!

פערגעסען האָבען די פיהרער א פאר קליינע, אבער וויכטיגע זאכען. ערשטענס, ווען עס קומט אוים דורכצופיהרען אין דער ווירק־ליכקייט די פערטראכטע גרויסע פלענער, שטויסט מען זיך אן אויף טויזענדער שטערונגען, גרעסערע און קלענערע, און יעדערער פון זיי קען אליין קאליע מאכען דעם גאנצען געשעפט. צווייטענס, ווען מען האָט צוטאן מיט אזא גרויסער מדינה, ווי רוסלאנד איז, און מיט אזא שטארקער און טיעף־איינגעווארצעלטער מאכט, ווי סא־מאדערזשאוויע, וועלכע איז אין יענער צייט געווען ביי זיך נאך גאנץ תקיפ'דיג, קען מען ניט אין צוויי־דריי וואכען — ניט רעוואַ־לוציאנירען דאס גאנצע לאנד און ניט גובר זיין די רעגיערונג.

בקיצור, פון די פלענער איז אפילו קיין אנהויב אויך ניט געווען, ווייל די פינף הונדערט מאטראזען זיינען געבליבען זיצען אויפ'ן שיף.

ווען „קניאז פאטיאמקין" איז אריין אין אדעסער האפען, האָט די קאמיסיע געשיקט פרעגען ביי די ארעסטירטע אפיצירען, צו זיי ווילען ניט פערבלייבען אין דינסט פון דעם רעוואלוציאָנערען

שיף? נאר צוויי זיינען מרוצה געווארען: מעכאניקער קאוואלענקא און דאקטאר גאלענקא. נאך איין אפיציר האָט מען גענויט צו פערבלייבען אויפ'ן שיף, מחמת אהן איהם איז געווען שווער אויס־צוקומען. די איבעריגע האָט מען אבגעפיהרט אין שטאדט.

איידער מען איז געגאנגען שלאפען די נאכט, האָט מען גע־בראכט דעם שיף אין א קריגס־צושטאנד, און די קאמאנדע האט זיך געלעגט — יעדערער ביי זיין קאנאנע. געהאט האָט מען בדעה, אז טאמער וועט די שטאדט ניט געבען פראוויאנט, קאהלען און וואסער, אין וואס מען האָט זיך שטארק גענויטיגט, וועט מען מכבד זיין דעם גראדאנאטשאלניק'ס הויז מיט א דונערדיגען ברוך הבא פון די קאנאנען.

גאנץ פריה האָט מען דעם דער'הרג'עטען וואקולינטשוק אנ־געטאן אין ריינעם און איהם געבראכט אין שטאדט. דארטין, ביים ברעג ים, האָט מען דעם טויטען קערפער אוועקגעלעגט אין א גע־צעלט (עטליכע קלעצער מיט א „ברעזענט" איבער זיי) איבערגע־דעקט מיט א שווארצער מיליטערישער פאהן, ביי די זייטען אנגע־צונדען צוויי חלב'ענע ליכט, און צו דער ברוסט צוגעשפיעלעט א בויגען פאפיער מיט דעם פאלגענדען אינהאלט:

„צו די איינוואוינער פון אדעס.

„חברים! קוקט. דא פאר אייך ליגט דער קערפער פונ'ם מאטראז גריגארי וואקולניטשוק, וועלכער איז מערדעריש געטוי־טעט געווארען. דער'הרג'עט האָט איהם דער עלטערער אפיציר פון פאנצערשיף „קניאז פאטיאמקין טאווריטשעווסקי" דערפאר, וואס ער האָט געזאגט, אז דער בארשטש איז ניט גוט. אין פרידען זאל־סטו רוהען! נאמיר זיך איבער'צלם'ען און שווערען ארונטערצוא־ווארפען די געוואלט־טוער און צו דערשלאגען זיך צו פרייהייט.

„עס לעבע די פרייהייט! עס לעבע ברידערליכקייט און גלייכ־הייט!

„די קאמאנדע פון פאנצערשיף „קניאז פאטיאמקין טאווריט־שעווסקי".

„איינער פאר אלעמען און אלע פאר איינעם".

לעבען מת האָבען זיך געשטעלט אויף דער וואך צוויי מאט־ראזען כדי די פּאליציי זאל זיך ניט צוריהרען ניט צום מת און ניט צו דעם צעטעל.

דער איינדרוק פון דער סצענע איז געווען א געוואלדיגער. אזוינס האָט מען נאך ניט געזעהן, ניט איבערגעלעבט, ניט דורכגעפיהלט.

א טויזענד־קעפּיגער המון האָט באלד ארומגערינגעלט דעם געצעלט. מען האָט זיך גע׳צלם׳ט, בעווײנט אויפ׳ן קול דעם יונגען בוים, וועלכער איז אהן א צייט אוועק פון דער וועלט, געזידעלט און געשאלטען די מערדער. ווען איין כוואליע מענשען שווימט אב און א נייע כוואליע שווימט צו, לייענט איינער פון די מאטראזען דעם אויפרוף. אויף פעסלעך דא און דארט שטעהן רעדנער און גימען אוים זייער צארן פאר׳ן טיעף־אויפגערעגטען עולם.

„איהר זייט געווארען אויפגעפלאמט, וואס מען האָט אייך געגעבען ווערימדיגע פלייש, — רעדט א סאלדאט אויף קוליעס, ניט לאנג געקומען פון דער מלחמה, — און אונז האָט די נאטשאל־סטווא געקארמעט מיט אזוינע פלייש אלע ליעבע טאג“...

דערביי בעווייזט מען דעם המון די פלייש, וואס איז געווען די סבה פון בונט. זי איז טוכלע, צופוילט, ווערימדיג.

עס קומען צופליהען קאזאקען און ווילען אוועקשלעפּען דעם טויטען קערפּער.

די וואך ענטפערט:

„געהט אריבער אויף אונזער זייט. ווילט איהר ניט — טראגט זיך אב פון דאנען. א־ניט וועט מען שיסען אין אייך.

די קאזאקען לאזען זיך ניט בעטען א צווייטען מאל און מאַכען פּלטה.

עס ווערען פערשפּרייט פּראקלאמאציעס. אין איין פּראקלאמאצי׳ע, וואס איז אונטערגעצייכענט „די ארגאניזאציאן פון מאט־ראזען פון „קניאז פּאטיאמקין“, ווערט געזאגט אזוי:

„די מאטראזען פון „קניאז פּאטיאמקין“ ווענדען זיך צו אייך, סאלדאטען און קאזאקען, לעגט אוועק אייער געוועהר, און נא־



דער קערפער פון גע'הרג'עטען מאטראז וואקולינטשוק אין אדעס אויפ'ן ברעג ים.

מיר אלע אין איינעם אויסקעמפפען פרייהייט פאר דעם גאנצען פאלק. און די פרידליכע איינוויינער פון אדעס בעטען מיר ארויס־צופאהרען וואס ווייטער, ווייל אין דעם פאל,ווען מען זאל אנוועג־דען געגען אונז גוואלד־מיטלען, וועלען מיר פערוואנדלען די שטאדט אין א בארג שטיינער".

אט געהט צו צום ברעג א שיפעל מיט מאטראזען פון „קניאז פאטיאמקין". דער עולם בעגעגענט זיי מיט א הילכעדיגען „אורא!" פון שיפעל גיט מען א צייכען, דאס מען וויל רעדען. עס ווערט אין איין רגע שטיל.

„חברים, קלינגט פון שיפעל, זאגט אלעמען, אז מען זאל אונז העלפען. מיר דארפען איצטער נויטיג וואסער. פאר'ן פרא־וויאנט וועלען מיר בעצאהלען מיט מזומן געלד. אומזיסט פערלאנ־גען מיר קיין האר ניט. מיר האָבען פאר קיינעם קיין מורא ניט, און איהר דארפט אויך פאר קיינעם קיין שום מורא ניט האָבען. מיר האָבען קאנאנען, ביקסען, באמבעס... מיר זיינען פאר די אר־בייטער!... מיר זיינען פאר פרייהייט!...

די ראזיגע ווערטער האָבען על כל פנים געהויבען די שטי־מונג פון פאלק, וואס האָט זיך ערשט יעצט צוהיצט ווי געהעריג איז. אין דער פריה איז דער עולם געווען געשטימט ווייט ניט רעוואלו־ציאנער.

„ווען איך האָב געבראכט אויף דער יבשה מיין טויטען חבר,—דערציילט מאטיושטשענקא,—האָבען זיך די מינוט פערזא־מעלט ארום אונז א מאן הונדערט. איך האָב זיי געגומען ערקלע־רען די געשיכטע פון אונזער בונט און געענדיגט מיט די ווערטער: „שטעהט אויף, ברידער, מיט געוועהר אין האנד און ווארפט ארונ־טער דעם קיסר, דעם פאדליוגע און דעם בלוטזויגער, מיט זיין גאנ־צער כאליאסטרע טעלערלעקער!" דער עולם האָט דאס דערהערט — האָט ער זיך א ריס געטאן פון ארט ווי אן אבגעבריהטער, און געמאכט א ויברח אזוי שנעל, ווי די פיס האָבען געטראגען. מען איז געלאָפען ווי פון א מגפה, -א בייזע שלאק. איך בין געבליבען שטעהן מיט אן אפענעם מויל, א בענומענער. אט דאס זיינען דאס די אר־

ב׳ייטער, דאָס פאָלק, האָב איך ביי זיך געטראכט, פון וועלכען מיר ערוואַרטען שטיצע? מיט א שווערען געמיט האָב איך זיך אומגע־קערט צום שיף. „נו, וואס הערט זיך? — פרעגען ביי מיר עטליכע חברים, — פאר וואס זעהן זיך ניט קיין ארבייטער?“ — „מן הסתם, — ענטפער איך, — ווייסען זיי נאך ניט, אז מיר האָבען זיך צובונטעוועט“. וואס דען האָב איך זיי געקאנט ענ׳טפערען?“

ס׳איז מעגליך, אז דער עולם האָט אזוי געהאנדעלט; ווייל ער איז געוועזען שטארק אנגעשראקען. די פאליציי און די קאזאקען האָבען דאך די גאנצע וואך מורא׳דיג געבושעוועט אין די ארבייטער־קווארטאלען און קיינעם ניט געשאנעוועט. אבער שפּעטער, ווען מען האָט דערזעהן, אז די נאטשאלסטווא גופא האָט זיך איבערגעשראָקען און האָט אנגעזאגט די פאליצייסקע משחיתים ניט צו קריכען דעם עולם אין די אויגען, האָט זיך די מאסע, ווי דער שטייגער איז, אויפגעמונטערט.

ביים ברעג איז געשטאנען א שיף מיט קאהלען. דעם שיף האָט מען צוגעפיהרט צו „פאטיאמקין׳ען“ און אויסגעלאָדען די קאהלען, פאר וועלכע מען האָט באלד בעצאהלט. אפילו די ארביי־טער האָט מען אויך בעצאהלט. מאטיושטשענקא דערציילט, אז די ארבייטער האָבען אומזיסט ניט געוואלט זיך בעמיהען. אויסגעבעטען האָבען זיי א רובעל א טאג. די קאמיסיע האָט זיי געענטפערט, אז מען וואלט זיי גערן בעצאהלט ווי פיעל זיי בעטען, נאר אין קאַ־סע געפינט זיך אלץ גרויסע געלד: הונדערט רובעלדיגע און פינף הונדערט רובעלדיגע. די ארבייטער האָבען אויף דעם געענטפערט, אז פאר זיי איז דאס קיין געשעפט ניט, און האָבען געווארפען די ארבייט אין מיטען...

ס׳איז גאר קיין צווייפעל ניט, אז דאס זיינען געווען ניט ארבייטער, נאר באָסיאקעס פון האפען, וועלכע האָבען זיך טאקי נעקוואפּעט ניט מעהר ווי אויף דעם רובעל געצאהלט. איבערהויפּט, דארף מען וויסען, בעשעפטיגען זיך מיט׳ן אנלאָדען קאהלען אויף די שיפען די שפּל׳סטע פון די ארבייטער־מאסען, ס׳רוב דער שטאדטישער לומפען־פראלעטאריאט. און פארדערן אט פון דעם

סארט „ארבייטער“ א וואס׳ער ניט איז אויסדרוק פונ׳ם רעוואלו־
ציאנערען גייסט איז, פערשטעהט זיך, גאר נימא וואס. פונקט ווי
מען האָט ניט געקאנט ערווארטען, אז די קליינע און גרויסע קרע־
מער, די „מיעשטשאנעס“, זאלען האָבען א ווארעמען מיטגעפיהל
צו די אויפגעשטאנענע מאטראזען. פאר דעם פראוויאנט, דער־
ציילט מאטיושטשענקא, האָט מען איינפאך געשונדען ביי זיי די
הויט. למשל, פאר א קאשיק בויגעל האָט מען זיך ניט געשעמט צו
בעטען ניין און פערציג רובעל! און מען האָט געמוזט געבען. א
ברירה האָבען געהאט די מאטראזען?

אינטערעסאנט און כאראקטעריסטיש איז דער פאלגענדער
פאקט. איינער א איד, גאלדמאן, האָט געבראכט צופיהרען צום שיף
א גאנצען בארג מיט עסענווארג: פערציג זעק מעהל, בולבע, ברויט,
טאבאקע, שוועבעלעך. מאטיושטשענקא פרעגט ביי איהם, ווי פיעל
ער פערלאנגט? און דער איד צוואוויינט זיך און זאגט:

„פאר אייך, טייערע, פאר דער רעוואלוציאן, וועל איך אלץ
אוועקגעבען, גאר ניט זשאלעווען...

און האָט ניט גענומען איין קאפּיקע געלד!

אויף אזא׳ן אופן האָבען אויך געהאנדעלט די בעוואוסטזי־
ניגע עלעמענטען פון אדעס. צום קריגס־שיף האָבען זיך א לאז גע־
טאן שיפלעך מיט ארבייטער און אינטעליגענטען, וועלכע האָבען
בעגריסט די חברים מיט רעוואָלוציאָנערע אויסגעשרייען און זיי
איבערגעגעבען פערשיעדענע דעליקאטעסען. עס איז אויך אנגע־
פיהרט געווארען א סך בראנפען. די מתנה איז זיכער געקומען פון
דער פאליציי, וועלכע האָט זיך געטראכט: די מאטראזען וועלען
זיך אנ׳שכור׳ן, פערפיהרען קריג איינער מיט׳ן אנדערן, אויס־
הרג׳ען די פיהרער און זיך איבערגעבען אין די הענד פון דער
נאטשאלסטווא. דער חשבון אז געווען ניט קיין שלעכטער. אבער
די מאטראזען זיינען אויף דער ווענדקע ניט געגאנגען. פון דעם
בראנפען האָט מען זיך אבגעזאגט. „ניט טרינקען בראנפען דאר־
פען מיר יעצט, נאר די פרייהייט זיך אויסקעמפּפען!“ האָבען גע־

שריען די מאטראזען און געשליידערט די פּעסלעך ספּירט אין ים אריין.

מיטאג־צייט איז געקומען אויפ׳ן שיף א דעפּוטאציע פון שטאדט פרעגען, וואס פאר א פּראוויאנט דער שיף פערלאנגט. מען האָט די דעפּוטאטען געגעבען דעם צעטעל און דערביי מתרא גע־ווען, אז אויב די סחורה קומט ניט אן ביז פאר נאכט זיבען דעם זייגער, וועט מען באמבארדירען די שטאדט. די מאטראזען האָבען אויך געבעטען, אז מען זאל זיי ניט שטערען שיקען׳אן אבטיילונג צו וואקולינטשוק׳ס לויה. די נאטשאלסטווא איז אויף דעם מרוצה געווארען און האָט פערזיכערט, אז די אבטיילונג וועט קיינער ניט אנריהרען מיט א פינגער.

נאכדעם זיינען געקומען אויפ׳ן שיף פערטרעטער פון די ארטיגע סאציאל־דעמאקראטען און סאציאליסטען־רעוואלוציאנע־רען. דריי פון זיי: ארבייטער קיריל און די סטודענטען איוואנאוו און פעלדמאן (א איד) זיינען געבליבען אויפ׳ן שיף און אריין אין דער קאמיסיע. קיריל האָט אייגענטליך ניט פערטראטען קיין שום ארגאניזאציאן. געשיקט האָבען איהם פון זיך די ארבייטער, וועל־כע זיינען געווען ביי דעם האפען גראד אין דער צייט, וואס מען האט זיך דערוואוסט דארטין פון דער געשיכטע מיט׳ן צובונטעווע־טען שיף. ווי קיריל איז נאר ארויף אויפ׳ן שיף, האָט ער זיך אי־בערגעטאן אין מאטראזען־קליידער און האָט זיך דעריבער געוואר־פען אין די אויגען ווענינער פון די איבעריגע „ציווילנע“.

צום בעדויערן, האָבען די פערטרעטער פוןביידע רעוואלו־ציאנערע פארטייען דא אויך, ביי אזעלכע אונגעוועהנליכע אומ־שטענדען, ניט געקענט זיך צוטיילען מיט דער ירושה.

„עס קומען צו אונז צופאהרען צוויי סאציאליסטען־רעוואָ־לוציאנערען, — דערציילט מאטיושטשענקא, — און בעטען, מיר זאלען זיי אויסהעלפען מיט דינאמיט. געהט צו קיריל און זאגט, אז די סאצ.־רעוואל. פערטיידיגען ניט די אינטערעסען פון דעם ארבייטער־קלאס, נאר פון דער קליין־הענדלערשער בורזשואזיע, פון דעם זעלביגען קלאס, הייסט דאס, וועלכער האָט ביי אונז אראב־

געריסען ניין און פערציג רובעל פאר איין קאשיק בויגעל. ועל כן בעט ער, אז מען זאל זיי משלח זיין. מיר האָבען דאך פון קיין פותר הלום ניט געוואוסט, וואָס פאר א מענש א סאָציאליסט־רע־וואלוציאנער איז, האָט אונז קיינער פאר דעם ניט געגעבען צו פער־שטעהן. און מען דארף זיך מודה זיין, אז די סאציאל־דעמאקראטען האָבען מיר אויך ניט גוט פערשטאנען. און די צוויי פערטיידיגער פון דער „קליין־הענדעלשער בורזשואזיע" האָבען מיר העפליך גע־בעטען געהן...

„אין א שעה ארום, — דערציילט מאטיושטשענקא ווייטער, — זעה איך: עס שטעהן צוויי יונגע מענשען און זידלען איינער דעם אנדערן אויף וואס די וועלט שטעהט.

„אוועק פון דאנען, שרייט איינער, דאס איז אונזער שיף, ער געהט אונטער אונזער פאהן.

„ניין, דו גערה אוועק, שרייט איהם איבער דער צווייטער, דער שיף איז אונזערער, ער געהט אונטער אונזער פאהן..."

דא כאפען זיי א מאטראז פאר דער האנד, און דער ערשטער פרעגט ביי איהם:

„זאג, דו פארדערסט א גרינדונגס־פערזאמלונג אויפ'ן יסוד פון אלגעמיינעם און געהיימען שטימרעכט?"

„יע, — זאגט דער מאטראז, — איך פארדער דאס".

„אט זעהט איהר! — שרייט דער פראגע־שטעלער מיט נצחון, — ער איז א סאציאל־דעמאקראט".

„נו, און ערד פארדערסטו?" פרעגט ביים מאטראז דער סאָ־ציאליסט־רעוואלוציאנער.

„ווי־זשע? — ענטפערט יענער. „ווי קען מען אויסקומען אהן ערד?"

„אט־אט... זעהט איהר שוין, אז ער איז גאר א סאציאליסט־רעוואָלוציאָנער".

„עפעם טשיקאווע האָט זיך אונז אויסגעוויזען דער ויכוח. וואס ווילען זיי? געקומען צו אונז נישט־געבעטענערהייט און ווע־

רען בעלי־הבתים. און מיר האָבען זיי ביידען משלח געווען".

איבערהויפּט האָבען די מאַטראָזען ניט געהאַט קיין שום דרך ארץ פאַר די דריי פּרעמדע יבשה־מענשען, וועלכע זיינען אריין אין דער קאָמיסיע. ווען פעלדמאַן אדער קיריל פלעגען נעמען האַל־טען א רעדע, האָט זיי קיינער ניט געוואָלט הערען.

„שיקט זיי צו די פיש צו גאַסט! — פלעגען זיך דערהערען איינצעלנע קולות. — זאָל רעדען אַן אייגענער מענש.

די מעשה איז, אז די רעדנער האָבען געשאַטען מיט ווער־טער, וואָס די קאָמאַנדע האָט ניט אנגעהויבען צו פערשטעהן: גרינדונגס־פערזאַמלונג, דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט, א. ד. גל.

זיי זיינען אבער געווען כוואַטען, געקראַכען אין רעכטען פייער, דער עיקר האָט זיך אויסגעצייכענט מיט זיין בראַווקייט דער איד פעלדמאַן, און נאָר דערפאַר אליין האָבען די מאַטראָזען זיי געליטען ביי זיך אויפ'ן שיף. אנדערס וואָלט מען זיי אפשר א טאָג אויך ניט געהאַלטען.

א גוטען איינדרוק האָט געמאַכט אויף דער קאָמאַנדע דער אנקומען פון דריי ארמייסקע סאָלדאַטען, וועלכע האָבען בעגריסט די פּאָטיאָמקינער אין דעם נאָמען פון זייערע ארגאַניזירטע חברים אין אָדעסער גאַרניזאָן. די דעפּוטאַטען האָבען דערציילט, דאָס די סימפּאַטיען פון דעם מיליטער בכלל זיינען פאַר די אויפגעשטאַ־נענע מאַטראָזען. קיין בעסערע בשורה האָט מען גאָר ניט געדאַרפט האָבען, און דער מוט איז ביי אלעמען געהויבען געוואָרען.

# פינפטער קאפיטעל.

## טעג פון האפנונג און ענטטוישונג.

דער ערשטער שאס. — זיין ווירקונג. — וואקולינטשוק'ס לויה. — די באגעגענים מיט דער סעוואסטאפאלער עסקאדרע. — א נייער מיט־קעמפפער. — דער פערראט פון די „זאטע". — „פאטיאמקין" געהט אוועק קיין רומעניען.

דערוויל האט זיך אנגערוקט דער אווענד. אט שלאגט שוין פינף, זעקס, זיבען, און דעם צוגעזאגטען פראוויאנט זעהט מען נאך אלץ ניט.

„אבנארען וויל מען אונז! — האט געגומען געהן פון מויל צו מויל. — זיי מיינען אז זיי האבען נאך צוטאן מיט געהארזאמע שקלאפען!

און מען האט אנגעלאדען צוויי גרויסע הארמאטען און אויס־געשאסען אין שטאדט. ווי א דונער האבען אבגעקלונגען די שאסען. און בעת אין איין טייל פון דער בעפעלקערונג האבען זיי ארויסגע־רופען האפנונג אויף א שנעלע ישועה, האבען זיי פערקערט אויף דעם אנדערן טייל — די פערמעגליכע קלאסען און דערהויפט די נאטשאלסטווא — ארויפגעווארפען א פחד, אן אימה, א טויט־שרעקענים. עס איז געווארען א ווילדער געלאף פון שטאדט. ווער

עס האָט געקענט באַווייזען, האָט אָוועקגעשיקט זיין געזינד און איז אליין אויך אנטלאָפען. אין דעם איין טאָג האָבען פערלאָזען אַרעם ניט ווייניגער פון 75 טויזענד מענשען.

די נאַטשאַלסטווא האָט לאַנג ניט געוואַרט און צוגעשיקט אַ טייל פון דעם צוגעזאַגטען פּראָוויאַנט; די איבעריגע, האָט מען פערזיכערט, וועט מען צושטעלען אויף מאָרגען.

בעוועגען די קאָמאַנדע צו שיסען איז געווען אַ שווערע שטיק אַרבייט. אַ בעדייטענדער טייל פון די מאַטראָזען האָט נאָך אַלץ געהאָפּט, דאָס מען וועט זיך גיך מיט דער רעגירונג איבער־בעטען, און האָט זיך דאַרום געשראָקען פאַר אַזוינע ענטשלאָסענע האַנדלונגען ווי באָמבאַרדירען די שטאָדט.

ווען די וויכטיגע פראַגע איז אָוועקגעשטעלט געוואָרען פאַר דער קאָמאַנדע, האָבען זיך דערהערט אונצופריעדענע און כעס'דיגע שטימען:

„וואָס פאַר אַ שיסען! ווער דאַרף דאָס? מיר ווילען ניט! גע־נוג געשאָסען! סט'געהערט שיסער! אין אייך אליין איז אַ מצוה אַריינצולאָזען אַ פּאָר קניידלעך!...

דעמאַלט האָט זיך אויפגעהויבען מאַטיושטשענקאָ און גע־האַלטען אַ פייערדיגע רעדע.

„אויב איהר זייט מיט אונז ניט איינשטימיג, — האָט ער געזאָגט צום שלוס, — אויב איהר האַלט אונז פאַר גזלנים און פער־ברעכער, טאָ נעמט די מינוט די ביקסען און הרג'עט אונז אויס ווי הינד. און נאָכהער קענט איהר בכבוד'יג זיך אומקעהרען צו אייער פריערדיגער נאַטשאַלסטוואַ, צו אייער טאַטען־מאַמען. מען וועט אייך איבער'ן בעקעלע אַ גלעט טאָן, מיט גאָלד בעלוינען; מען וועט אייך בעגעגנען מיט מוזיק און כבודים!“

„ניין, ניין! — האָט זיך אַרויסגעריסען פון הונדערטער העלזער. — מיר געהן אַלע צוזאַמען... מיר וועלען אַלע צוזאַמען שטאַרבען פאַר דער פרייהייט!

„נו, אויב אַזוי, — האָט מאַטיושטשענקאָ געענדיגט, — ווע־לען מיר טאַקי היינט באָמבאַרדירען די שטאָדט און בעצאָהלען די

צוויושעטע טיראנען פאר דאס פערגאסענע ארבייטער־בלוט. איהר זייט צופרידען?"

„צופרידען! — האָט אבגעהילכט אויפ'ן שיף ווי א דונער.

די צוויי שאסען האָבען נאר דערשראקען די נאטשאלסטווא, אבער קיין שום שאדען איהר ניט אנגעמאכט. די צרה איז, וואס אויפ'ן שיף איז ניט געווען קיין קארטע פון שטאדט, און וואו עס שטעהט דאס מיליטער האָט מען אויך ניט געוואוסט.

אין דער צייט האָט מען איבערגעכאפט א דראטלאזע דע־פעשע, דאס ערגיץ ניט ווייט גֿעפינט זיך די עסקאדרע. אט צוליעב די אלע אורזאכען איז בעשלאסען געווארען מעהר אין דער שטאדט ניט צו שיסען דערווייליע, און אנשטאט דעם שיקען א דעפּוטאציע פון דריי מענשען צום קאמאנדיר איבער'ן מיליטער.

די דעפּוטאציע, אין וועלכער עס זיינען אריין מאטיושטשענ־קא און פעלדמאן, איז געקומען צום קאמאנדיר און ברחל בתך הקטנה געפאָדערט פון איהם פאלגענדעס: אבצושטעלען די אויס־שלאכטונג פון די איינוואוינער, בעפרייען אלע פאליטישע ארעס־טאנטען און ענטוואפענען דאס מיליטער.

דער קאמאנדיר האָט זיך פערזענליך ניט באוויזען. ער האָט געשיקט זאגען דורך זיין פאלקאווניק, אז ער וויל מיט דער דעפּו־טאציע ניט רעדען און — „זאל זיי משפּט'ען גאט און מענשען".

מאטיושטשענקא האָט געבעטען דעם פאלקאווניק איבערצו־געבען דעם קאמאנדיר, אז יענער איז א פאדליעץ און א גנב, און די דעפּוטאציע איז אוועק. קיינער האָט זיי ניט אנגעריהרט.

אין אווענד האָט זיך באוויזען א קליינער קריגס־שיף „וויע־כא". „פאטיאמקין" האָט איהם געהייסען צוגעהן און זיך אוועק־שטעלען לעבען איהם. יענער האָט נעבאך פון קיין בייז ניט גע־וואוסט און געפאלגט. מען האָט דעם חברה־מאן די מינוט פערנו־מען: דעם קאמאנדיר מיט די אפיצירען ארעסטירט, און דאס געלד (1200 רובעל) אריבערגעפיהרט צו זיך אין קאסע. פון דעם געלד האָט מען 600 רובעל ארויסגעגעבען די אפיצירען און זיי אבגע־פיהרט געזונדערהייט אין שטאדט.



אַ לאַגער פון סאָלדאַטען ביים אַדעסער הויפּט־קלויסטער, אין וועל־
כען „פּאטיאמקין“ האָט זיך געצילעוועט מיט זיינע קאַנאָנען.

אין „פּאטיאמקין'ס“ קאסע בעת ער איז אריבער אין דעם פּאלק'ס רשות, האָט מען געפונען 27 טויזענד רובעל. פון זיי האָט מען טויזענד רובעל אבגעשיקט דער אלמנה פון גע'הרג'עטען קאַ־מאנדיר גאליקאוו, און 2000 האָט מען געגעבען איינעם אן אפיציר. ביי דער קאמיסיע איז אלזא געבליבען ניט מעהר ווי 24 טויזענד רובעל. דאס געלד האָט נאטירליך אויף לאנג נט געקענט קלעקען. דער עיקר, ווען פאר יעדער ברעקעלע זאל מען דארפען בעצאהלען מיט הונגער־פרייזען. די איינציגע האפנונג איז דעריבער געווען נאר אויף דער הילף, וואס עס וועט געבען די רעוואלוציאנער־גע־שטימטע בעפעלקערונג.

ווי ווייט מען האָט זיך געקענט פערלאזען אויף דער הילף, ארום דעם האָט מען געהאט אויפ'ן שיף זעהר נישט קיין קלארע השערות, און די אויך געבויט אויף זאמד. ווייל וואס עס האָט זיך אין דער אמת'ען געטאָן אין שטאָדט — דאָס האָט די קאָמיסיע ניט געוואוסט. זי האָט אויך ניט געהאט דעם קלענסטען בעגריף פון דער שטימונג פון די מאטראזען אויף די איבריגע קריגס־שיפען,הגם ווי געזאגט, איז פאר „פּאטיאמקין'ען“ געווען נויטיגער פאר אלץ די שטימונג פון דער עסקאדרא צו וויסען. מאטיושטשענקא דערציילט, אז ער האָט ניט איין מאָל געבעטען קיריל'ן, יענער זאל זיך אריבער־כאפּען קיין סעוואסטאפּאל און זעהן וואס עס טוט זיך דארטין. אויב עס זאל זיך ארויסווייזען, אז דער איבעריגער פלאט האלט מיט „פּאטיאמקין'ען“, זאל מען באלד אוועק אהין. קיריל האָט ניט געפאלגט. ווער וויים פאר וואס. די געפאהר האָט איהם זיכער ניט געשראקען. אויפ'ן שיף איז דאך די געפאהר געווען א פולע גרע־כער.

און אין סעוואסטאפּאל, סיי אין די קאזארמעס און סיי אויף די שיפען, זיינען די מאטראזען געווען מיט די פּאטיאמקינער. טאג און נאכט פלעגט מען אבשטעהן אויף די דעכער פון די קאזארמעס און ווארטען מיט אן איינגעהאלטענעם אטעם אויפ'ן רעוואלוציאנע־רען שיף.

„ווען מיר זיינען געוואהר געווארען, — דערציילט א מאט־ראז, וועלכער האָט זיך געפונען אויף איינעם פון די שיפען פון דער עסקאדרע, — אז מיר געהן קיין אדעס איינצונעהמען „פּאַ־טיאמקין׳ען", האָבען מיר אנגעהויבען אנצופיהרען אן אפענע אגי־טאציאן צווישען די חברים, כמעט פאר די אפיצירען אין די אוי־גען. די מאטראזען האָבען זיך צוגעהערט צו אונזערע רעד מיט גרויס אויפמערקזאמקייט, און אפילו די סאמע פערגרעבטע ניט־בעוואוסטזיניגסטע האָבען אויף געבורטשעט: „געהן שיסען אין א ברודער? אז ניט דערלעבען וועלען זיי דאס, די מערדער אונזערע!" און יענע די אפיצירען, זיינען ארומגעגאנגען אבול וכפוי ראש, מיט אראבגעלאזענע נעזער, פערחומערטע, פער׳חושכ׳טע. עס האָבען זיך אויף ארומגעטראגען קלאנגען, אז די קאמאנדעס פון צוויי שיפען „יעקאטערינא" און „פּרוט" האָבען זיך צובונטעוועט, און די שיפען האלט מען אין האפען פערשפּאַרטערהייט.

צום אומגליק האָט „פּאטיאמקין" ניט געהאט קיין שום פער־בינדונגען מיט דעם איבעריגען פלאט. ווען ער וואלט זיי יע געהאט, האָט ער געדארפט ניט פערבלייבען אין אדעס, נאר געהן וואס שנע־לער קיין סעוואסטאפּאל. מען קען זיך לייכט פארשטעלען, וואס פאר א ווירקונג עס וואלט געמאכט זיין קומען אויף דער עסקאדרע! אבער ווי האָט די קאמיסיע געקענט ביי זיך פּועל׳ען אויפצונעמען אזא ריזיקאלישען בעשלוס? און אגב האָט זי טאקי מורא געהאט פאר אן ערגערע זאך: אז ווען „פּאטיאמקין" קומט קיין סעוואסטאפּאל, זאל זיך ניט פערוועלען דעם אונבעוואוסטזיניגען טייל פון דער קא־מאנדע, ד. ה. דעם גרעסערען, גאר אין גאנצען תשובה טאן און זיך איבערגעבען מיט האק און פּאק אין די הענד פון דער רעגיע־רונג. איבערהויפּט האלטען די מאטראזען אין געהארזאמקייט איז געווען ניט לייכט.

„די קאמאנדע, — דערציילט מאטיושטשענקא, — נאכדעם ווי זי איז פארטיג געווארען מיט די אפיצירען, און דאס אויפגע־קאכטע בלוט האָט זיך אבגעקיהלט, האָט דאס רוב שוין כמעט ווי חרטה געהאט אויף דעם גאנצען געשעפט. א טייל האָט געשריען,

אז מען דארף געהן צוריק קיין סעוואסטאפאל, א צווייטער טייל — אז מען דארף פארדערן אן אינטערנאציאנאלען משפט, און נאר איין קליינע קופקעלע איז געווען ענטשלאסען צו ענדיגען דאס, וואס מען האָט אנגעפאנגען. „מיר האָבען זיך ניט וואס צו פערלא־זען אויף משפטים, — האָב איך גע'טענה'ט צו די מאטראזען, — כל זמן די מאכט איז ביי אונז, איז אונזער חוב צו משפט'ן די רוי־בער פון פאלק“.

דעם 16טען, ארום פיער־פינף דעם זייגער ביי טאג, איז פארגעקומען וואקולינטשוק'ס לויה. אין שטאדט האָט געהערשט קריגס־צושטאנד. אויף דעם סמך האָט מען גערעכענט, אז אן עפענטליכע לויה מיט א פאליטישען, דעמאנסטראטיווען כאראק־טער וועט די נאטשאלסטווא בשום אופן ניט צולאזען. אבער דער שרעק פאר „פאטיאמקין'ס“ קאנאָנען, ווייזט אויס, איז געווען זעהר גרויס. און אז פון שיף איז געקומען צו דער לויה די עהרען־וואך פון צוועלף אונבעוואפענטע מאטראזען, האט קיין איין פאליציי־סקער קנעפעל ניט געוואגט זיך ארייננצומישען. אמת, די נאטשאל־סטווא האָט געגעבען איהרווארט, דאס זי וועט די לויה דערלאזען. אבער מאלע וואס. עס האָט עפיס א פנים איהר ווארט.

דעם ארון האָט מען אוועקגעשטעלט אויף א וואגען, און נאכ'ן וואגען זיינען געגאנגען די צוועלף מאטראזען, א מאן פינף־זעקס הונדערט ארבייטער — מענער און פרויען, — און א גלח מיט משוררים. פון ביידע זייטען גאס, פון פארט ביז'ן קלויסטער, זיי־נען געווען אויסגעשטעלט סאלדאטען. בעת דער ארון איז פארביי־געגאנגען, האָבען די סאלדאטען אבגעגעבען „טשעסט“, ארונטער־גענומען די היטלען און זיך גע'צלם'ט. אבער לעבען קלויסטער האָט זיך פלוצלונג באוויזען אן אבטיילונג סאלדאטען, געפיהרט פון א פריסטאוו, און אהן א שום ווארנונג אויסגעשאסען. דער עולם איז צולאפען אין טויט־שרעק. אבער פון די זייטיגע גאסען האָבען גענומען באלד צוקומען גרויסע שטראמען מענשען, און אנשטאט די פריערינגע פינף־זעקס הונדערט זיינען שוין איצטער געווען גוטע דריי טויזענד.

די סצענע אויפ'ן בית עולם האָט געווירקט אויף מענשען אפילו מיט די שטארקסטע נערוועז. נאך אלעמען האָט זיך איטליכען פאר־געשטעלט, אז אין דער דאזיגער גרוב לעגט מען אריין א גוטען טייל פון דעם פערפלוכטען רעזשים; אז די לאפעטקעס ערד, וואס עס פאלען אויף דעם ארון, פערשיטען די גזלות, די רציחות, דעם וויל־קיר, די אונטערדריקונג, וואס זייער יאָך פיהלט זיך גראד יעצט, אין דעם היץ פון קאמפף, אזוי שווער, אזוי אונערבארעמליך שווער. אמת, פאר די אויגען האָט געלויכטען דער ענדליכער זיעג, דער פאלשטענדיגער נצחון אין דער צוקונפט. אבער דערווייל האָט דער צווייקעפיגער אדלער געצופט און געריסען דאס הארץ אויף שטיקער. און ווען די לעצטע לאפעטע ערד האָט זיך ארויפגעשאָ־טען אויפ'ן פרישען קבר, איז די לופט דורכגעריסען געווארען מיט א יאמערליכען געוויין. דאס האָבען זיך ארויסגעכאפט די טייכען ניט־אויסגעוויינטע טרערען, וואס האָבען די גאנצע צייט געשטיקט דאס הארץ. עס האָבען געוויינט פרויען, מענער, יונגע, אלטע...

נאך דער לויה איז די קאמאנדע שנעל אוועק צום האפען צו. די פערזיכערונגען פון דער נאטשאלסטווא, אז קיינער וועט די מאט־ראזען ניט אנריהרען, האָט מען עפּיס ניט שטארק געגלויבט. גע־פונען א ווארטסמאן — די רוסישע נאטשאלסטווא! און טאקי, ניט ווייט פון האפען, איז מיט א מאל ארויס פון א הינטער־געסעל אן אבטיילונג קאזאקען און האָט געגומען שיסען אין דער קאמאנ־דע. דריי מאטראזען זיינען געבליבען ליגען אויפ'ן ארט פערוואונ־דעטע; די איבעריגע האָבען זיך געלאזט לויפען איבער דער גאס, ביז וואנען זיי האָבען דערגרייכט דעם ראָג. דאָרטען האָבען זיי זיך ארויפגעכאפט אויף דראשקעס און זיך א לאז געטאן צום האפען, וואו עס האָט שוין געווארט אויף זיי א שיפעל פון „קניאז פא־טיאמקין“.

„די סאלדאטען, דערציילט מאטיושטשענקא, — האָבען משמעות בכיון ניט געשאסען ווי געהעריג איז, ווייל גע'הרג'עטע האָב איך ניט בעמערקט, הגם איך בין געלאפען גאר דער לעצטער און א קויל האָט ביי מיר איינגעריסען די הויזען אין קניע“.

די דריי פערוואונדעטע מאטראזען האָט מען אוועקגע־שלעפּט אין דער פּאָליציי, וואו מען האָט זיי מערדעריש געשלאָגען. וואס מיט זיי איז שפּעטער געוואָרען — ווייס מען עד היום ניט. ס'איז א סברה, אז מען האָט זיי צוגע'הרג'עט צום טויט. פערוואונ־דעטע זיינען זיי דאָך געווען. ווי פיעל האָבען זיי געדאַרפט האָבען?

אויף מאָרגען, דעם 17טען, אום זיבען אין דער פריה, האָט זיך בעוויזען די עסקאדרע פון שווארצען־ים־פלאָט, וועלכע איז גע־גאַנגען לערנען בלק מיט די בונטאָווושטשיקעס. אין דער עסקאדרע זיינען געווען דריי פּאַנצער־שיפען איין קרייצער און פיער קלע־נערע שיפלעך.

„פּאָטיאָמקין" האָט שוין געוואַרט אויף די געסט. נאָך פון אוועגד האָט ער געוואוסט, אז די געסט זיינען אין וועג. דערוואוסט האָט ער זיך וועגען דעם סוד פון אן איבערגעכאַפּטער דעפּעש, וואס איין שיף האָט געקלאַפּט צום צווייטען. און ער איז געווען צו־געגרייט צום קבלת פּנים. דעם דעק האָט מען אבגעראַמט; קיין איין לעבעדיגער מענש האָט זיך אויף איהם ניט געזעהן. די זיבציג קאַ־נאָנען זיינען געווען אנגעלאָדען; פון איין זייט האָט מען זיי אנגע־שטעלט אויף דער שטאָדט, און פון דער אנדערער — אויף דער עסקאדרע, וועלכע האָט זיך געטראָגען צו „פּאָטיאָמקין'ען" מיט איהר פולען גאַנג. אויך זיינען געווען פאַרטיג די זעקס מינען, וואס איטליכע פון זיי האָט געקענט אויפרייסען דעם גרעסטען קריגס־שיף.

„פּאָטיאָמקין" איז ארויס דער עסקאדרע אנטקעגען. יענע האָט גענומען געהן לאַנגזאַמער, ביז וואַנען זי איז גאָר געבליבען שטעהן. דעמאָלט איז געקומען פון איהר קאָמאַנדיר דער פאָלגענ־דער סיגנאַל:

„אייער האַנדלונג האָט אונז פערשאַפט דעם טיעפסטען וועה־טאָג. משוגעים! קערט זיך אום אויפ'ן ריכטיגען וועג. און מיר ווע־לען אייך מוחל זיין".

און „פּאָטיאָמקין" ענטפערט:

„זאל דער קאמאנדיר קומען צו אונז אויף אן אונטערהאנד־לונג. ער דארף קיין שום מורא ניט האָבען“.

די עקסקאדרע האָט אויף דעם גאָר ניט געענטפערט. און אז זי האָט דערזעהן, דאס „פאטיאמקין“ קומט צו אלץ נעהנטער, האָט זי א דרעה געטאן די נאז צוריק און אין א האלב שעה ארום איז זי פערשוואונדען געווארען.

מיט'ן איינלאדען דעם אדמיראל האָט „פאטיאמקין“ געהאט אין זינען אט וואס. ווי דער אדמיראל קומט, הייסט דאס, ארויף אויפ'ן שיף, ארעסטירט מען איהם באלד און מען צווינגט איהם צו געבען א סיגנאל דער גאנצער עסקאדרע, דאס זי זאל זיך פעראייניגען מיט „פאטיאמקין'ען“. דער אדמיראל האָט דאס וואהרשיינ־ליך פערשטאנען און איז דעריבער אין דער פאסטקע ניט געקראכען.

מיטאג־צייט האָט זיך דער פלאט באוויזען אויף דאס ניי. איצטער איז ער שוין בעשטאנען פון פינף פאנצערשיפען און זעקס קלענערע שיפלעך. אבער „פאטיאמקין“ האָט זיך דא אויך ניט דער־שראקען. דאס איינציגע, וואס ער האָט געקענט טון, איז געווען צו שטעלען זיך מוטיג אנטקעגען דעם שונא. בעווייזען, הייסט דאס, אז ער איז גרייט צום קאמפף און וויליג צום קאמפף. און אין דער־זעלבער צייט, מיט דעם סארט זעלטענער בראַווקייט, אויפצואוועקען אין די מאטראזען פון דער עסקאדרע דאס געפיהל פון בעוואונ־דערונג און אויף אזא'ן אופן צו געווינען זייערע סימפאטיען.

„פאטיאמקין“, פונקט ווי פריער, האָט זיך געלאזט געהן צו דער עסקאדרע וועלכע איז געבליבען שטעהן אויף אן ארט. און גיך איז דער רעוואלטירטער שיף געשטאנען אין מיטען פון דער עסקאדרע מיט צוויי שורות קריגס־שיפען פוןביידע זייטען.

דאס איז געווען א מערקווירדיג בילד.

„ווען איך האָב דערזעהן לעבען זיך „פאטיאמקין'ען“, — דערציילט דער פריער דערמאנטער מאטראז, וועלכער האָט זיך גע־פונען אויף א שיף פון דער עסקאדרע, — האָב איך ניט גע־וואוסט, וואס עס טוט זיך מיט מיר. איך האָב געפיהלט, אז יעדער אבער איז ביי מיר אבגענומען, און ווען מען זאל מיר הייסען וואס

טון, וועל איך זיך ניט קענען ריהרען פון ארט. און מיט יעדער סע־קונדע איז אלץ געוואקסען דאס שווערע, אונבעשטימטע געפיהל, וואו עס האָט זיך צוזאמענגעמישט אי שרעק, אי ענטציקונג. שרעק פאר די לעבענס פון די העלדען, ווען אימיצען זאל אריינפאלען דער ווילדער געדאנק אין קאפּ אויסצושיסען. און ענטציקונג פאר דער נישט־געהערטער העלדישקייט פון דער צובונטעוועטער קאמאנדע, וועלכע איז געקראכען אליין אין פייער. אט געהט דורך דער שיף צווישען אונז, שטאלץ, מאיעסטעטיש, ניט אראבלאזענדיג די קאנאנען פון די נעהנטערע קריגס־שיפען. אט האָט ער גענומען אנ־שטעלען זיין גרויסע הארמאט אויף דעם בריקעל, וואו עס איז גע־שטאנען א קופּקע אפיצירען, פערשטומט פון שרעק. ווען זיי האָבען דערזעהן, אז מען צילעוועט זיך אין זיי, האָבען זיי זיך א ווארף גע־טאן אונטען, ווי אן איבערגעשראקענע סטאדע שעפּסען...“

בעת „פּאטיאמקין“ איז פארביי די פּאנצערשיפען „סינאפּ“ און „געארגי פּאביעדאנאסיעץ“, האָט מען איהם בעגריסט מיט א הילכעדיגען „אורא!“ די קאמאנדע אויף יענע צוויי שיפען איז גע־ווען אויבען און ווערליג ווי מען האָט געקענט לייכט בעמערקען, האָט זי ניט געפאלגט די אפיצירען.

דער קאמאנדיר שיקט ווידער א סיגנאל, מען זאל שיקען צו איהם דעלעגאטען. „פּאטיאמקין“ ענטפערט: „זייט זיך מטריח און קומט אליין צו אונז“. דער קאמאנדיר בעט, מען זאל לאזען דער עסקאדרע זיך פעראנקערן. „פּאטיאמקין“ ענטפערט:

„די אפיצירען זאלען ארונטער פון די שיפען און זיך אבטרא־גען צו דער יבשה“.

„פּאטיאמקין“ איז דערווײלע פארבייגעגאנגען די עסקאדר־רע און האָט זיך פערקירעוועט צו אדעס־צו. דער פלאט האָט גע־וואלט געהן נאך איהם, אבער פּלוצלינג האָט מען בעמערקט, אז „געארגי“ טרעט ארויס פון דער עסקאדרע און רוקט זיך צו „פּא־טיאמקין’ען“. „סינאפּ“ וויל דאס א פּנים אויך נאכטון, אבער ער קווינקעלט זיך. שפּעטער האָט מען זיך דערוואוסט, אז אויף „סי־נאפּ“ זיינען געווארען צוויי פּארטייען: איינע האָט יע געוואלט

צושטעהן צו די פאטיאמקינער, און די צווייטע — ניט. ענדליך האָט גובר געווען די צווייטע פארטיי, און „סינאפּ“ איז געבליבען מיט'ן פלאט. און דער פלאט, ווי ער האָט זיך נאר איבערצייגט, אז „געארגי“ איז אריבער צו „פאטיאמקין'ען“, איז ער אין איין זאַ־ וועט אנטלאפען קיין סעוואסטאפאל. א קשיה אויף א מעשה! און וואס טוט דער קאמאנדיר, אז אלע שיפען ברעכען די שבועה צו זיין דעם קיסר טריי און כאפען זיך אריבער צום „אינערליכען שונא?“

„געארגי“ האָט זיך אוועקגעשטעלט און געבעטען ביי „פאַ־ טיאמקין'ען“ צו שיקען א פאר מענשען, וועלכע זאלען ערקלערען די מאטראזען, וואס עס טוט זיך אויפ'ן צובונטעוועטען שיף. ווען די מענשען זיינען געקומען און האָבען אלץ ערקלערט, האָבען די מאטראזען געענטפערט מיט „אורא“־געשרייען. מען האָט זיך קודם כל א נעם געטאן צו די אפיצירען. איינער פון זיי האָט זיך אליין דערשאסען. וואהרשיינליך פון שרעק. ביי די איבעריגע האָט מען בלויז ארונטערגעריסען די גאלונעס און גאנצערהייט זיי אוועקגע־ פיהרט אויף דער יבשה. א טעות האָט מען געמאכט בשעת מעשה, וואס צוזאמען מיט די אפיצירען איז מען אויך ניט פטור געווארען פון די באצמאנעס (פעלדפעבעלעס) און אנדערע פריווילעגירטע, „זאטע“, וועלכע דריקען דעם מאטראז און חנפ'ענען זיך צום אפי־ ציר. פאר די האָט זיך א בונט, פערשטעהט זיך, ניט געלוינט, און זיי האָבען אנגעהויבען צו ארבייטען אויף אלע כלים און זאבצורעדען די קאמאנדע פון די „נארישקייטען“.

מען דארף וויסען, אז די „זאטע“ פון „קניאז פאטיאמקין“ האָבען זיך אויך געהאלטען פערדעכטיג פון אנהויב אן. נאכאנאנד האָבען זיי זיך געשושקעט מיט די מאטראזען, און איבערהויפט גע־ זעהן צו צוברעכען די איינינגקייט, דעם „גייסט“. די קאמיסיע האָט מיט זיי גאר נישט געקאנט מאכען. מען פלעגט זיי זעצען אין קאר־ צער, אבער זיי פלעגען פאלען אויף די קניע, בעטען מחילה, און מען פלעגט זיי ארויסלאזען.

דיביידע רעוואלוציאנערע שיפען זיינען נאכדעם אוועק קיין אדעס. דארטין האָט מען שוין געוואוסט פון די נייעס, און די נא־טשאלסטווא האָט ארויסגעשטעלט ביים ברעג האפען פיער און צוואנציג אלטע הארמאטען, פון וועלכע עס איז נאר געווען גוט צו שיסען אין אונבעוואפענטע דעמאנסטראנטען, אבער ניט אין מעכטי־גע פאנצערשיפען.

דער קאמאנדיר פון פארט איז באלד צוגעפאהרען אין א שי־פעל צו „פאטיאמקין'ען" און האָט געפרעגט, וואס ער וויל האָבען? די קאמיסיע האָט געענטפערט:

„פון אייך, גענעראל, ווילען מיר גאר ניט האָבען. וואס מיר ווילען יע איז אז דאס פאלק זאל אונז מארגען געבען קאהלען. און איהר זאגט, זייט מוחל, דעם קאמאנדיר איבער'ן מיליטער, אז ער זאל דאס מיליטער פערוואנדלען אין א נאציאנאלע מיליץ און די שטאדט זאל רעגירט ווערען פון פאלק".

אויף מארגען, דעם 17טען, איז די קאמאנדע אויפגעשטאנען אין א יום־טוב'דיגער שטימונג. אין געפאהר איז מען ניט געשטא־נען. און שטארק איז מען אויך, מען האָט דאך אן אייגענע רעוואַ־לוציאנערע עסקאדרע פון פיער קריגס־שיפען: צוויי געפאנצערטע, דערנאך „וויעכא" און דאס מינען־שיף נומער 267... באלד וועט מען האָבען קאהלען אויך, און די מאטראזען האָבען זיך צוהוליעט. ווער עס שפילט אין דאָמינא, ווער עס סקריפעט אויף א פידעל, ווער עס טאנצט א קאזאצקע. און אז עס איז צוגעגאנגען דער דאמפפער מיט קאהלען, איז די שמחה געווארען נאך גרעסער. מען האָט זיך אזוי געשמאק גענומען צו דער ארבייט, טאקי ווי מען וואלט פיהלען, אז מען ארבייט ניט אויפ'ן שווארץ יאהר, נאר פאר זיך אליין.

מיט א מאָל איז די שמחה פערשטערט געווארען. פון „גע־אָרגי" קומען צופאהרען א פאר מענשען און דערצעהלען, אז די „זאטע" רעדען אן די קאמאנדע אוועקצוגעהן קיין סעוואסטאפאל. וואס טוט מען דא? פערלירען דעם נאר וואס געוואונענעם חבר וואלט הייסען צוברעכען דעם מוט ניט נאר ביי די שוואכע, קוויינ־

קעלדיגע, אונענטשלאסענע, אבער אפילו ביי די שטארקערע אויך. אין פון פאטיאמקין'ען האט מען די מינוט געשיקט עטליכע מיט־גליעדער פון דער קאמיסיע, צווישען זיי דעם דאקטאר גאלענקא, אז זיי זאלען זעהן איבערצורעדען די קאמאנדע צו האלטען זיך פעסט. גיך קומט אן נאך א טרויעריגערע בשורה: אז ווי נאר דער דאקטאר איז ארויף אויפ'ן שיף, האט ער זיך פער'קנס'ט מיט די פעררעטער, די באצמאנעס, און גענומען איינרעדען די מאטראזען, אז זיי זאלען ניט אנדערס געהן קיין סעוואסטאפאל און זיי קענען זיין זיכער, דאס די נאטשאלסטווא וועט זיי מוחל זיין. א העלפט פון דער קאמאנדע איז אפען אריבער אויף זיין צד. דער דאקטאר האט זיך אליין בעשטימט פאר א קאמאנדיר און געהייסען זיך קלייבען אין וועג.

אויף „פאטיאמקין" איז תיכף בעשלאסען געווארען, אז מען זאל „געארגי" לאזען אבגעהן אן ערך אויף פיער מייל, דערנאך זיך א יאג טון נאך איהם, כאפען אלע „זאטע", זיי פערבינדען הענד און פיס, א טייל פון דער קאמאנדע אריבערפיהרען אויף „פאטיאמקין" און אויף זייער פלאץ אריבערפיהרען א טייל פון „פאטיאמקין'ס" קאמאנדע. דער פלאן וואלט זיך אפשר גוט איינגעגעבען, ווען אלץ זאל געהן ווי געהעריג איז. דאס איז דאך שוין ברוך השם די צרה מיט אלע פלענער.

„געארגי" האט זיך אויפגעהויבען פון ארט און איז אוועק מיט'ן פולען גאנג. „פאטיאמקין" איז אוועק נאך איהם. אט־אט יאגט ער איהם שוין אן. אבער פלוצלינג טוט זיך דער ערשטער א דרעה צוריק קיין אדעס און פליהט אריין ווי אן אבגעבריהטער אין דעם האפען.

איצטער איז שוין אלץ געווען פערפאלען. צום פעררעטער זיינען שוין געפלויגען פון אלע עקען קאזיאנע שיפלעך, וועלכע האבען געפיהרט צו איהם דעם קיסר'ס בלוט־הינד: דעם גענעראל־גובערנאטאר, דעם גראדאנאטשאלניק נייטגארדט (דעם בעריהמטען פאגראמען־מאכער), דעם פאליצמייסטער, און אנדערע. זיי זיינען ארויף אויפ'ן שיף, און די מאטראזען האבען זיי דערציילט, אז

„פאטיאמקין“ האָט זיי כלומרשט מיט געוואלד אריינגעשלעפּט אין דער מיאוס׳ער געשיכטע. זיי האָבען געבעטען מיט טרערען אין די אויגען, מען זאל זיי אבגעבען די אפיצירען זייערע, און צוגעזאגט צו זיין גוט און פרום. די „גוטהערציגע“ נאטשאלסטווא האָט זיי, פערשטעהט זיך, מוחל געווען. זי האָט בלויז ארעסטירט זיבען און זעכציג מאן, די פיהרער, ווי זי האָט ערקלערט, און שפּעטער זיך מיט זיי אבגערעכענט מיט דער געוויינליכער רשעת.

און אויף „פאטיאמקין׳ען“ איז אין דער צייט געווען חושך ואפלה. ווי גרוים עס איז ניט געווען די שמחה, ווען „געארגי“ איז אריבער צו די אויפגעשטאנענע חברים, איז נאך געווען צעהן מאָל גרעסער די פערצווייפלונג איבער זיין פערראט. די קאמאנדע איז שטארק ענטמוטיגט געווארען. אזא קלאפּ אריבערצוטראגען איז ניט קיין קלייניגקייט. און עס האָבען זיך דערהערט רעד פון פחדנות, רעד פון פּראקטישקייט. וואס וועט מען זיך שלעפּען? וואס וועט מען אויספיהרען? ווען וועט זיין א סוף? פאר וואס איז מען דאס מחויב צו פאלגען די קאמיסיע? ווער איז די קאמיסיע? וואס איז די קאמיסיע? אזוינע מאטראזען ווי אלע. פון איין קעסעל געגעסען קאשע, א שפּאס! דעם גליק וואס מען האָט געכאפּט! פון איין נאטשאלסטווא פּטור געווארען, און א נייע האָט זיך געזעצט אויפ׳ן קאפּ! אימשטיינס געזאגט, אן אויסבייט. אויסגעביטען א שוך אויף א לאפּטשע. און אזוי ווייטער, און אזוי ווייטער...

צום גליק זיינען אין דער קאמיסיע געווען מענשען מיט א שטארקען ווילען, מיט אן אויסערגעוויינליכער ענערגיע, מיט פעסטע פּרינציפּען. און זיי האָבען סוף כל סוף גע׳פּועל׳ט ביי דער קאמאנדע, אז זי זאל זיך איינשטילען. ווען אלץ איז שוין געווען רוהיג, האָט מען גענומען בעשפּרעכען די לאגע. פערבלייבען אין אדעס האָט קיין זין ניט. מען וועט פון שטאדט שוין ניט קריגען — ניט קיין קאהלען, ניט קיין פּראוויאנט. און דאָ שטעהט נאך א פאנצער־שיף, וואס קען יעדע ווילע ארויסטרעטען אנטקעגען. און עס איז געבליבען, אז מען זאל געהן קיין רומעניען, אלס א נייטראלע מדינה, און דארטין זיך פערשאפען מיט אלץ, וואס מען דארף האָ־



די ארעסטירטע מאטראזען פון קריעגס־שיף „געארגי פאביעדאָנאסיעץ“ געפיהרט אין טיורמע.

בען. די קאמיסיע האט דערביי געהאט אין זינען נאך א זאך. אונ־טער־וועגענס וועט מען האַלטען פאר די מאטראזען רעדעס, אין וועלכע מען וועט זיי געבען קלאר צו פערשטעהן זייער לאגע און אויך וואס פאר א שיכות עס האָט זייער קאמפף מיט דער אלגעמיי־נער לאגע פון רוסלאנד. פאלשטענדיג בעוואוסטזיניגע איז געווען הלואי איין דריטעל פון דער קאמאנדע, כדומה א מאן 200 — 250. זיי זיינען געווען ענטשלאסען צו קעמפּפען פאר רוסלאנד׳ס בע־פרייאונג און האָבען געוואוסט, דאס זייער קאמפף וועט זיין ער־פאלגרייך, כל זמן דער שיף איז ביי זיי אין די הענד. די איבעריגע האָבען אפילו יע געהאסט די נאטשאלסטווא, אבער פאר וואס זיי דארפען ארומגעהן אהן קאהלען און אהן פראוויאנט איבער די וואַ־סערן פון שווארצען ים — דאס האָט זייער קאפּ ניט פערנומען.

און דער ערשטער קריגס־שיף, וואס האָט געהערט ניט צום קיסר, נאר צום רוסישען פאלק, איז אוועק אין דער פרעמד זוכען לעבענסמיטלען. אקוראט ווי דאס טוען און האָבען געטאן פון כמה יאהרען אלע אנדערע קעמפּפער פאר דעם פאלק׳ס פרייהייט.



# זעקסטער קאפּיטעל.

## נע ונד.

דער קבלת פּנים אין רומעניען. — מען שלאגט פאר די פּאַטיאמקינער צו פערקויפען דעם שיף. — די האפנונג אויף קאהלען און פּראוויאנט צוגעהט. — „פּאטיאמקין“ בעשליסט זיך אומצוקערען צוריק אין קיסר׳ס לאנד. — די צוויי ערקלערונגען צו דער ציווילי־זירטער וועלט.

דעם צוואנציגסטען יוני איז „פּאטיאמקין“ אריין אין דעם רומענישען האפען קאנסטאנצא. ווי עס פיהרט זיך אין פלאט, האָט דער שיף בעגריסט די פרעמדע שטאדט מיט איין און דרייסיג קאַנאנען־שאסען. אין א קורצע צייט ארום איז צוגעפאהרען צום שיף דער קאמאנדיר פון פּארט אדמיראל פּעגרו. איהם אנטקעגען איז ארויס „פּאטיאמקין׳ס“ פערטרעטער — דער אפיציר קאוואלענקא. דיביידע אפיצירען האָבען זיך געגעבען די הענד און זיינען ארונ־מער אין דער קאיוטע.

„פּאטיאמקין“ האָט געבעטען די ערלויבניס זיך אנצושפּייזען מיט פּראוויאנט, קאהלען און וואסער. פון עסענוואַרג איז די לעצטע צוויי־דריי טעג געוועזען אויפ׳ן שיף נאר „סוכארעם“, ס׳הייסט געטריקענטע פּלאכע שטיקער ברויט, וואס די קאמאנדע

האָט געגעסען מיט וואסער. וואסער האָט מען געדארפט אי צום טרינקען, אי פאר די זעכצעהן קעסלען פון די מאשינען, וואס מען האָט כסדר געהייצט. קאהלען האט מען לכתחלה געהאט ווענינ, און דאס, וואס עס האָט געלונגען ארויפצונעמען אין דעם אדעסער האפען, איז שוין אויך באלד אויסגעגאנגען.

דער רומענישער אדמיראל האָט צוגעזאגט צו בעפרידיגען דעם גערעכטען פערלאנג פונ'ם שיף, אבער נאר אויף מארגען. וואהרשיינליך האָט ער זיך געוואלט מישב זיין מיט דער רעגיערונג פון בוקארעשט.

נאך דעם אדמיראל'ס אוועקפאהרען, האָט זיך אבגעשפילט אויפ'ן שיף א קאמישער צופאל. אין האפען האָט זיך געפונען א רוסישער סטאציאנער, ס'הייסט א קריגס־שיף, וואס דארף שטעהן תמיד אין א געוויסען האפען פון א פרעמדער מלוכה. אז דער קא־מאנדיר פונ'ם סטאציאנער האָט בעמערקט דעם רוסישען גאסט, האָט ער זיך תיכף ומיד אויסגעפוצט אין זיינע פאראדנע מלבושים, אנגעהייגען אויף דער ברוסט די סטענגעס מיט אלע מעדאלען און צלים'לעך, וואס ער האָט געקראגען פון קיסר פאר זיין טרייער דינסט, און איז געקומען צו „פאטיאמקין'ען" מיט א וויזיט.

„וואס דארפט איהר דא האָבען, מיין הערר? — פרעגט ביים אפיציר א מיטגליעד פון דער קאמיסיע.

„איך ב־ב־בין גע־ק־ק־קומען רא־רא־ראפּארטירען", האָט יע־נער גענומען שאפּעטשען פון פערלארענהייט.

„איהר האָט געמאכט א טעות. דער שיף געהערט מעהר ניט דער רוסישער רעגירונג. ער האָט זיך אפען געשטעלט אויפ'ן צד פון פאלק. שוים־זשע האָט איהר ניט געלעזען אין די רומענישע צייטונגען וועגען „פאטיאמקין'ס" מעשים?

„איך קען אויף רומעניש ניט לעזען און ניט שרייבען", האָט געענטפערט דער קאמאנדיר מיט א וויינענדיגער שטימע.

„זייט מוחל, טראגט זיך אב...

די מאטראזען זיינען געשטאנען ארום און זיך געהאלטען פאר די זייטען: קאמיש האָט אויסגעזעהן די סצענע. ביי זיך אויפ'ן

שיף איז דער אייגענער קאמאנדיר א גאנצער קיסר׳ל. דער מאט־ראז טאר קיין הויך ווארט ניט זאגען, ווען מען זאל איהם אפילו צושינדען די הויט. אבער אט האָט דער קאמאנדיר דערזעהן פאר זיך דעם מאטראז, וועלכער איז ארויס פון דער פריערדיגער אט־מאספערע, וועלכער אנערקענט שוין נאר די מאכט פון פאלק און ניט די מאכט פון דעם קיסר׳ס משרתים. און דער דעספאט׳ל איז שוין געווארען גאר אנאנדער מענש: אראב דער פוץ, דער בליאסק, וואס האָט פערבלענדעט דעם סאלדאט די אויגען, און ער שטעהט און טרייסעלט זיך ווי אין קדחת, ציטערענדיג פאר זיין פעל.

בעגלייט מיט א הילכיגען געלעכטער און שפאסיגע בעמער־קונגען, איז דער קאמאנדיר אראב פון רעוואלוציאנערען שיף. די נאטשאלסטווא האָט איהם זיכער בעלוינט מיט נאך א סטענגעלע אויף דער ברוסט פאר זיין העלדישען האלטען זיך אין דעם שונא׳ס לאגער!

מאטיושטשענקא מיט א פאר חברים זיינען אוועק אויף דעם רומענישען קרייצער „יעליזאוועטא“ נאך אן ערלויבנים צו בעלייב־טען דעם ים מיט א פראזשעקטאר (עלעקטרישע לאמטערנע). מען האָט זיי אויפגענומען זעהר פריינדליך, אבער געמאכט דערביי אן אומגעריכטען פארשלאג. נעמליך, אז דעם שיף זאלען די מאטראָ־זען פערקויפען די רומענער, און אליין פערבלייבען אין רומעניען. א מקח האָט מען געגעבען גאר א גוטען: צוועלף מיליאן פראנק פאר אלץ מיט אנאנדער.

„דער דאזיגער פארשלאג, — זאגט מאטיושטשענקא, — איז געווען ביי מיר אין די אויגען א פשוט׳ע בעליידיגונג. פאר וועמען א שטייגער האלטען זיי אונז? פאר אוואנטורניקעס? פאר ים־גזלנים, פיראטען? ווי פועל׳ען זיי דאס ביי זיך צו רעדען צו אונז מיט אזא לשון? מיר זאלען זיי פערקופען דאס, וואס געהערט צום פאלק? און מיט וואס ווילען זיי אונז ברייננגען אין נסיוז? מיט דעם, וואס זיי זאגען אונז צו, אז דעם קיסר׳ס משחיתים וועלען אונז ניט ריהרען? זיי דיינקען, הייסט דאס, אז נאר דערפאר שרעקען מיר זיך?

און דורכ'ן טאלמאטש האָב איך זיי געענטפערט אזוי:

„דער צוועק פון אונזער קומען אהער איז ניט געווען צו ראַ־טעווען די פעל. אימשטיינס געזאגט, א סך איז אונזער פעל ווערט! דריי קאפּיקעס אויף א יריד... און וואס איז נוגע דעם מסחר מיט'ן פאנצערשיף, טא זאגט אונז פריער, פאר ווי פיעל א שטייגער וואלט איהר אונז וועלען פערקויפען אייער „יעליזאוועטא?"

„מען האָט מיר גאר ניט געענטפערט אויף דעם, און דערמיט האָט זיך געענדיגט".

אויף מארגען האָט „פאטיאמקין" געשיקט א שיפעל נאך פּראוויאנט, אבער מען האָט ניט געגעבען. קיין שום ראיות האָבען ניט געהאלפען. אמת, די רומענישע רעגיערונג האָט זיך געמוזט האלטען נייטראל, ווי מען איז זיך איבערהויפּט נוגה אין אזעלכע אנגעלעגענהייטען, ס'הייסט פון זיך קיין שום הילף דעם אונגעריכ־טען אורח ניט געבען. אבער אין דער זעלביגער צייט, ווען זי וואלט געווען א מענש, האָט זיך די רעגירונג געקענט מאכען טויב און שטום און ניט שטערען דעם שיף צו פערשאפען זיך מיט אלל־דעם נויטיגען דורך אנדערע וועגען, דורך פריוואט־הענד. די סוחרים פון קאָנסטאנצא וואלטען זיך אודאי ניט אבגעזאגט פון א גוטען געשעפט. נאר די רעגירונג האָט שוין דא ארויסגעצייגט א פיינדשאפט גאר אן אפענע. איז דאס א חידוש? און וואס'ער רע־גירונג וועט אויסהעלפען רעוואלוציאנערען פון אנ'אנדער לאנד, ד. ה., מענשען, וועלכע זיינען אויפגעשטאנען געגען דעם דעספּאטיז־מוס פון זייער רעגירונג? פאר רעוואלוציאנערען האָט מורא יעדע רעגירונג, און כמעט יעדע רעגירונג האָט זיי. און די וואס האָט זיי נאך ניט יעצט, וועט זי זיי האָבען. דעריבער איז די רעגירונג אפילו פון א קאנסטיטוציאנעלער מדינה קיין מאל ניט אויפ'ן צד פון די פרעמדע רעוואלוציאנערען, נאר תמיד אויפ'ן צד פון דער רעגיערונג, מיט וועלכער יענע פיהרען אן דעם קאמפּף. וויי־טער, פאר דער קליינער רומעניען וואלט זיך דאך בשום אופן ניט געלוינט זיך איינצורייסען מיט דעם גרויסען און מעכטיגען צארענ־לאנד. אין פּאליטיק, דער עיקר אינטערנאציאנאלער פּאליטיק,

שפּילט די הויפּט־ראָליע ניט מענשענפריינדליכקייט און נאָך אזעל־כע „ווייבערשע“ געפיהלען, נאר עגאאיסטישע אינטערעסען, קאַל־טע און טרוקענע אויסרעכנונגען.

די לאַגע פון קריגס־שיף איז געווען א פערצווייפעלטע. די גאַנצע האָפנונג האָט מען געלעגט אויף רומעניען, און דאַ — נאָ־דיר, אזא ביטערע ענטטוישונג! וואו געהט מען יעצט? ווייל אויב רומעניען איז אזוי פיינדליך, טא וואס איז די ראיה, אז עסטרייך אדער טערקיי וועלען זיין פריינדליכער? און עס איז בעשלאָסען גע־וואָרען, אז כל זמן מען האָט נאָך א ביסעל קאָהלען (15 טויזענד פוד), זאָל מען אוועקגעהן אין די נאָהנסטע רוסישע האַפען־שטאָדט, פעאָדאָסיא, און דאָרטען זעהן צו באַקומען די נויטיגע פּראָדוקטען. צו מען וועט דאַרפען געברויכען דערביי געוואַלד־מיטלען אדער ניט, וועגען דעם האָט מען זיך דערווייל וועניג פערטראַכט. די קאָמיסיע האָט ניט געטאָרט אַרויסווייזען פאַר דער קאָמאַנדע קיין שום סימן פון אונענטשלאָסענהייט. און וואָס געוואַגטער און ענטשלאָסענער די קאָמיסיע האָט געהאַנדעלט, האָט זי געהאַט אַלץ א גרעסערען איינפלוס אויף אַלע שוואַכקעפּיגע, כאַראַקטערלאָזע, קווינקעלדיגע און איינגעשראָקענע.

שוין נאָכדעם, ווי די רומענישע רעגירונג האָט זיך אָבגעזאָגט צו בעפרידיגען „פּאָטיאָמקין׳ס“ פערלאַנג, זיינען געקומען אויפ׳ן שיף עטליכע רומענישע אָפיצירען און גענומען איינרעדען די מאַט־ראָזען אויפצוגעבען דעם שווערען און ניט גלייכען קאַמפּף. זיי האָ־בען צוגעזאָגט, אז אַלע וועלען קריגען אויסלענדישע פּעסער. וואו־הין הייסט דאס זיי וועלען פערלאַנגען, וועלען זיי קענען פאָהרען; אדער אויב זיי ווילען זיך בעזעצען אין רומעניען — מיט׳ן גרע־סטען פערגניגען, וואו זיי ווילען נאָר. די קאָמיסיע האָט די גרויסע טובות ניט אנגענומען.

„בעסער קראַפּירען פון הונגער, האָט זי געזאָגט, איידער אוועקגעבען אזא פעסטונג פון דער רעוואָלוציאָן ווי „פּאָטיאָמקין“ איז, כל זמן מען קען זיך נאָך ווי ניט איז האַלטען“.

פאר'ן אוועקגעהן פון קאנסטאנצא, האָט די קאמאנדע אי־בערגעגעבען דער רומענישער רעגירונג צוויי ערקלערונגען. די ער־שטע, אונטער'ן נאמען „צו דער גאנצער ציוויליזירטער וועלט", האָט געהאט דעם פאלגענדען אינהאלט:

„בירגער פון אלע לענדער און אלע פעלקער! פאר אייערע אויגען שטעהט דאס בילד פון א גרויסען קאמפף פאר פרייהייט: דאס אונטערדריקטע און פערשקלאפטע רוסישע פאלק האָט שוין מעהר ניט געקענט אויסהאלטען דעם דורות־לאנגען יאך און די מיטווייליגקייט פון דער דעספאטישער אליינהערשאפט.

„רעכטלאזיגקייט, פעראָרימקייט, דלות — אט צו דעם האָט די רוסישע רעגירונג געבראכט רוסלאנד, און ביי די ארביי־טער־מאסען האָט שוין געפלאצט די גערולד. איבער אלע שטעדט און דערפער האָט שוין אויפגעפלאקערט די שרפה פון דעם פאלק'ס צארן און ענטריסטונג. דער שטורעמדיגער געשריי — „ארונטער די שקלאפישע קייטען פון דעספאטיזמוס און עס לעבע די פרייהייט!" — האָט זיך ארויסגעריסען פון מיליאנען רוסישע הערצער און ער טראגט זיך ווי א דונער איבער דער לייננ און דער ברייט פון דער אונגעהייער־גרויסער מדינה.

„דעם קיסר'ס רעגירונג וועט גיכער דערטרינקען דאס לאנד אין דעם פאלק'ס בלוט, איידער זי וועט געבען דעם לאנד פרייהייט און גליק. דאס אונשולדיגע בלוט פון די העלדען בעדעקט טייכענווייז אונזער פאטערלאנד. אבער די וואהנזיניגע אליינהערשאפט האָט פערגעסען איין זאך: אז די ארמעע, וועלכע איז געווען ביז דער לעצטער צייט ניט־אויפגעקלערט און דערשלאגען און האָט געדינט אלס בלינדעס געוועהר פון דער רעגירונג'ס בלוטיגע פלענער, איז אויך א טייל פון דעם זעלבען פאלק; אז זי בעשטעהט פון די קינ־דער פון די זעלבע ארבייטער־מאסען, וועלכע קעמפפען פאר פריי־הייט. פריהער אָדער שפעטער וועט דאס די ארמעע בעגרייפען און זי וועט אראבוואשען פון זיך דעם שענדליכען פלעק, מיט וועלכען זי האָט זיך בעדעקט, פערגיסענדיג דאס בלוט פון איהרע פאטערס און ברידער.

„און אט דערפאר מאקי האָבען מיר, די מאטראזען פון פאנ־צערשיף „קניאז פאטיאמקין", איינשטימיג און פעסט בעשלאסען צו מאכען דעם אנהויב פון גרויסען קאמפף. זאלען אלע קרבנות, אלע ארבייטער און פויערים, וועלכע זיינען געפאלען פון די סאל־דאטסקע שטילען און קוילען אין די שטעדט און אין די דערפער פון אונזער היימאט, זאלען זיי פון אונז ארונטערנעמען די קללה, וואס עס ליגט אויף די מערדער.

„מיר זיינען ניט קיין מערדער, ניט קיין תליונים פון אונ־זער פאלק — מיר זיינען די בעשיצער זיינע. אונזער קאמפף־געשריי איז: „טויט אדער פרייהייט פאר אלע פעלקער, וועלכע לעבען אין רוסלאנד!" מיר ווילען, אז אין אונזער אונגליקליכען פאטער־לאנד זאל הערשען גליק און שלום. מיר פארדערען אז עס זאל אויפהערען די בלוטדורשטיגע און אונזיניגע מלחמה, וואס עס ווע־רען דורך איהר פערפלייצט מיט בלוט די פעלדער פון דעם ווייטען מאנטשוריען. מיר פארדערן, אז עס זאל אהן שום שהיות צונויפ־גערופען ווערען די גרינדונגס־פערזאמלונג אויפ'ן יסוד פון אלגע־מיינעם, גלייכען, דירעקטען און געהיימען שטימרעכט. אום צו קע־נען אויספיהרען אונזערע פארדערונגען זיינען מיר אלע ווי איינער פארטיג אדער מנצח צו זיין אדער געהן צום גרונד צוזאמען מיט אונזער פאנצערשיף.

„מיר זיינען טיעף איבערצייגט, אז די פרייע בירגער און די ארבייטער־מאסען פון אלע לענדער און פעלקער וועלען בעגעגנען מיט א הייסען מיטגעפיהל אונזער גרויסען קאמפף פאר פרייהייט.

„ארונטער די אליינהערשאפט!

„עס לעבע די גרינדונגס־פערזאמלונג!

אונטערגעשריבען: „די קאמאנדע פון פאנצערשיף „קניאז פאטיאמקין" און פון מינען־שיף נומער 267".

אין דער צווייטער ערקלערונג „צו אלע אייראפעאישע מלוכות" איז געווען געזאגט פאלגענדעס:

„די קאמאנדע פון פאנצערשיף „קניאז פאטיאמקין" האָט אנגעפאנגען אן ענטשלאסענעם קאמפף געגען די אליינהערשאפט.

מיר לאזען דערפון וויסען אלע אייראפעאישע רעגירונגען און מיר האלטען פאר אונזער חוב מודיע צו זיין, אז מיר וועלען ניט אנ־ריהרען קיין שום אויסלענדישען שיף, וואס שווימט איבער'ן שווארצען ים, און אויך ניט קיין שום אויסלענדישען האפען, וואס געפינט זיך אין שווארצען ים".

די דאזיגע ערקלערונג האט געמאכט אויף דער וועלט אן אויסגעצייכענטען איינדרוק. מיט איין קלאפ האט זי מבטל געווען אי די אפיציעלע ליגענס פון דער רוסישער רעגירונג, אי די ניט־אפיציעלע ליגענס פון דער אונטערגעקויפטער רוסישער און אויס־לענדישער פרעסע, וואו מען האט געשריען אין איין קול, אז „פא־טיאמקין" איז א פיראט, אז ער האט שוין אבגעטאן א סך רציחות און גזלות מיט אויסלענדישע שיפען, אז ער האט ניט קיין דרך ארץ פאר פריוואט־אייגענטום, א. ז. וו., א. ז. וו. די רוסישע רעגירונג האט ווי איהר שטייגער איז, געוועלט פערטומלען די קעפ און ארויסרופען ביי דער פערמעגליכער וועלט א שנאה צו די העלדען, כדי מען זאל זיי ניט וואו ניט געבען קיין שטיצע — ניט קיין מא־טעריעלע און ניט קיין מאראלישע.





אויפ'ן דעק פון „קניאז פאטיאמקין“, בעת ער איז געגאנגען אונטער דער פאהן פון דער רעוואלוציאן.

# זיעבּטער קאפּיטעל.

## דער לעצטער שטורם.

„פּאטיאמקין" אין פעאדאסיע. — די שטאדט גיט פּראוויאנט, אבער ניט קיין קאהלען. — די נאטשאלסטווא שיסט פון הינטער'ן רוקען. — די קאמאנדע בעשליסט זיך איבערצוגעבען רומעניען. — דער אויפשטאנד געענדיגט.

דעם 22טען באגינען איז די אבגעשוואכטע, אבער נאך אליץ מעכטיגע שווימענדע פעסטונג אריין אין דעם האפען פון פעאדאסיע. אויפ'ן וועג פון רומעניען קיין רוסלאנד האָט מען געטראָפען צוויי טערקישע קאהלען־שיפען. דער נסיון אבצונעהמען די קאהלען פון די טערקען איז געווען אפילו זעהר גרויס, אבער מען האָט געמוזט האלטען דעם פערשפּרעכען, וואס איז געגעבען געווארען די אייראפּעאישע מדינות אין דער אויבען דערמאנטער ערקלערונג. א רוסישע רעגירונג קען פערשפּרעכען און ניט האלטען ווארט (ווי זי האָט דאס געטאן ביי וואקולינטשוק'ס לויה), אבער א רוסישער רעוואלוציאנער מאכט ניט קיין פּשרות מיט'ן געוויסען.

אום די בעפעלקערונג זאל זיך ניט דערשרעקען, האָט זיך „פּאטיאמקין" פערפּוצט מיט פערשיעדענע פאהנען, אין דער צאהל

אויף מיט דער רויטער, רעוואלוציאנערער. אבער דאס האָט ניט געהאלפען, און א גרויסער טייל פון דער בעפעלקערונג, דער עיקר די פערמעגליכע קלאסען, האָט גענומען לויפען פון שטאדט. דער נעלאף איז געווען אזוי גרויס, דאס פאר דער יאזדע פון פעאדאסיע ביז סטארי קרים, א מהלך פון איין און צוואנציג וויארסט, האט מען געצאהלט פון 25 ביז 30 רובעל פאר איין מענשען. די לויפענ־דיגע האָט משמעות ווייניג געקימערט, וואס עס וועט זיין מיט די, וועלכע קאנען ניט אנטלויפען. ראטעווען די אייגענע פעל איז גע־שטאנען אויפ'ן ערשטען פלאן.

דאס פאלק, דאס ארבייטער־פאלק, האָט זיך פאר די געסט ניט דערשראקען. א גרויסער עולם האָט זיך צונויפגעקליבען ביים ברעג און געקליבען נחת פון דעם קיסר'ס שונא, וועלכער האָט זיך שטאלץ געוויגט אויף די כוואליעס.

צום ברעג איז צוגעפאהרען א שיפעל מיט פאטיאמקינער. זיי האָבען היים בעגריסט דעם עולם, און איינער פון זיי האָט געהאלטען א רעדע, אין וועלכער ער האָט ערקלערט דעם צוועק פון זייער קו־מען און וואס זיי רעכענען צו טאן. דערנאך זיינען די מאטראזען אוועק אין שטאדט־פערוואלטונג (אופראווע) און צו דער נאטשאל־סטווא און געבעטען מען זאל שיקען צו זיי אימיצען אויפ'ן שיף. גיך זיינען געקומען אויפ'ן שיף פיער פערטרעטער פון דער שטאדט, צווישען זיי דער גאלאווא און א דאקטאר. זיי האָבען אויסגע־פרעגט, וואס דער שיף דארף האָבען, געהייסען אלץ פערשרייבען אויף א צעטעל, און צוגעזאגט, אז וואס מען וועט נאר קענען, דאס וועט מען זיי צושיקען.

ווען דער גאלאווא מיט די איבעריגע באקוקער האָבען זיך אומגעקערט פון שיף, איז אבגעהאלטען געווארען א זיצונג פון דער דומא, און אויף דער זיצונג האָט די דומא בעשלאסען צו געבען די פאטיאמקינער אלץ וואס זיי בעטען. אבער דא האָט זיך אריינגע־מישט די פאליציי און גענומען פאררערן, אז די „בוגדים" זאל מען קיין שום זאך ניט געבען. עס ארט איהר ניט, וואס דער פאנצער־שיף האָט געכטראשעט צו שיסען, ווען ער קריגט ניט אין דעם משך

פון א מעת לעת דאס, וואס ער פארדערט. מען וועט דאך שיסען ניט אין איהר. זי האָט זיך דאך וואו צו בעהאלטען!

נאך שארפע דעבאטען האט די פאליציי געמוזט נאכגעבען. „פאטיאמקין“ האָט אין אווענד געקראגען 40 פוד פלייש, 8 אקסען, 50 פוד אויל פאר די מאשינען, 5 פוד סאדא, 1 פעסעל בראנפען, 3 פוד טאבאקע, 1 קעסטעל שוועבעלעך, 100 פוד ברויט, 200 פוד מעהל, דערנאך פאר די קראנקע 1000 אייער, 1 פעסעל רויטען וויין, היהנער, ענטלעך, מילך און מעדיקאמענטען. אבער אין וואס „פאטיאמקין“ האָט זיך גענויטיגט מעהר פון אלץ, ס'הייסט קאהלען און וואסער, דאס האָט מען ניט צוגעשיקט. די שטאדט האָט געלאזט זאגען, אז דער קאמענדאנט הייסט ניט געבען. מען דארף ווארטען, ביז עס וועט קומען דער גובערנאטאר, און דאן וועט מען זעהן.

די ארבייטער פון האפען זיינען דערוויילע ארויס אין א סימפאטיע־סטרייק. אין שטאדט איז ערקלערט געווארען קריגסצושטאנד, און דאס גאנץ לעבען איז אין איין טאג ווי אויסגעשטארבען. די פאליציי האָט ווי געוויינליך ארגאניזירט א שווארצע מאה און יענע איז שוין געקראכען מיט קולאקעס אויף די סטרייקער.

ווען „פאטיאמקין“ האָט דערזעהן, אז מיט גוטען וועט ער קיין קאהלען ניט קריגען, האָט ער זיך מישב געווען און זיך גענומען פאר ענערגישע מיטלען. דעם 25טען אין דער פריה איז מאטיושטשענקא אוועק אין א שיפעל אויסצוגעפינען, צו עס איז ניטא ערגיץ אין האפען קיין קאהלען. ער האָט זיך דערוואוסט, אז אין עטליכע בארזשעס געפינט זיך פופצעהן טויזענד פוד קאהלען (א העלפט פון דעם וואס„פאטיאמקין“האָט געהאט געבעטען ביי דער שטאדט). די קאמיסיע האָט בעשלאסען צו בעוואפענען דאס מינען־שיף און איהם אוועקשיקען נאך די בארזשעס. נאטירליך זיינען געגאנגען מיט'ן מינען־שיף נאר די בראווסטע. מאטיושטשענקא און פעלדמאן זיינען ווי אלע מאָל געווען איינע פון די ערשטע.

ווען דאס שיפעל איז צוגעגאנגען צו דער ערשטער בארזשע, זיינען ארויף אויף איהר א פאר פון די געקומענע און געזאגט צום

בעל־הבית, אז די קאהלען נעמען זיי ביי איהם צו, אבער אומזיסט פערלאנגען זיי ניט. מען וועט איהם בעצאהלען, ווי פיעל עס קומט איהם.

דער בעל הבית האָט געענטפערט:

„די קאהלען שיינק איך אייך אוועק געזונדערהייט. אבער מיט'ן תנאי, אז איהר זאלט מיר אבשיקען צוריק די בארזשע.

דאס צייגט, אז אפילו פון די פערמעגליכע קלאסען האט „פאטיאמקין" אויך געקאנט באקומען שטיצע, ווען די רע... וואלט נאר ניט געשטאנען אין וועג און ניט געסטראשעט מיט כל הפורעניות יעדען איינציגען, וואס וועט העלפען די „בוגדים".

א טייל פון דער קאמאנדע איז געוועזן אויף דער בארזשע, און א צווייטער — אויף דעם שיפעל. געדארפט האָט מען פערבינ־דען די בארזשע מיט'ן שיפעל און אויף אזא'ן אופן זי צוצושלעפען צו „פאטיאמקין'ען". די ארבייט איז געגאנגען ווי געשמירט, און אין נאך א מינוט האָט מען זיך שוין געזאלט ריהרען פון ארט. פלוצלינג דערהערט זיך א שאס פון ביקסען, נאך איהם א צווייטער, א דריטער, און א האגעל קוילען נעמט פליען אין די פאטיאמקינער. צוויי מאטראזען זיינען דער'הרג'עט געווארען פון ערשטען שאס (איינער פון זיי, ניקישין, מיט א מערקווירדיג קלארען פער־שטאנד, איז געוועזן ביי די מאטראזען דער בעליבטסטער רעדנער), עטליכע זיינען שווער פערוואונדעט געווארען.

מאטיושטשענקא איז גראד געוועזן אין שיפעל, און ניט אויף דער קאהלען־בארזשע. אויף דער שיסעריי האָט זיך קיינער ניט געריכט, און אין דער ערשטער מינוט האָט די קאמאנדע אין גאנצען פערלארען דעם קאפּ. דאס שיפעל האָט זיך תיכף א לאז געטאן צו „פאטיאמקין'ען", א מהלך פון אנדער־האלבען ווערסט, פליענדיג ווי א טייוועל. דעם גאנצען וועג איז דאס בעשאטען געווארען מיט קוילען, אבער קיינעם האָבען זיי שוין מעהר ניט געשאדט. דער טייל פון דער קאמאנדע, וואס איז געוועזן אויף דער בארזשע, איז אריינגעפאלען אין די הענד פון דער רע־גיערונג. צווישען זיי איז געוועזן פעלדמאן און דער מאטראז קאָ־

שובא, אויף ווען די פאליציי האט שוין לאנג געשארפט די ציין, ווייל ער איז דאס געווען דער אנפיהרער פון אויפשטאנד אויפ'ן פאנצערשיף „געארגי פאביעדאנאסיעץ". פעלדמאן איז שפעטער אנטלאפען פון טיורמע און געפינט זיך יעצט אין אויסלאנד. אין דער מישענינע איז געפאלען נאך א קרבן. דאס איז געווען דער סטודענט איוואנאוו, וועלכער איז דערטרונקען געווארען, וואהר־שיינליך, בעת ער האט געשפרונגען פון בארזשע אויפ'ן שיפעל.

ווען מאטיושטשענקא האט געבראכט צום שיף איין טויטען ־־ירך און דריי פערוואונדעטע, איז די גאנצע קאמאנדע אויפגעקאכט גע־ארען. שטעהן ערגיץ בעהאלטענערהייט און שיסען אין מענשען, וועלכע ריכטען זיך ניט אויף קיין שום פלוצליכען אנפאל, וועלכע האבען ניט די מעגליכקייט צו פערטיידיגען זיך, און וועלכע מען האט מורא אנצוגרייפען אין אן אפענער שלאכט, — אט דאס קען נאר די פאדלע רוסישע רעגירונג. א שרעקליכער כעס האט זיך אנגעצונדען אין אלעמענ'ס הערצער.

„מען דארף זיך אן די מערדער נוקם זיין!" האט געהודיעט אויפ'ן דעק פון פאנצערשיף. „א שטיין אויף א שטיין וועט פון דער שטאדט ניט בלייבען!

די מאטראזען זיינען שוין אוועקגעלאפען אנלאדען די האר־מאטען. אבער ווען די ערשטע הייסע רגע איז פארביי און דער שכל האט ווידער באקומען זיינע רעכט, איז די שטימונג געווארען אנאנ־דערע. מען האט זיך בערעכענט, אז די אמת'ע שולדיגע — די אפי־צירען און די העכערע פאליצייסקע הינד, וועלען דאך די קוילען פון „פאטיאמקין'ס" הארמאטען ניט טרעפען. אזוי ווי אלע מאל, שטעהן יענע בעהאלטען הינטער די רוקענס פון סאלדאט, דעם פינסטערען, פערשלאגענעם בעשעפענים, וועלכער איז פערכישוף'ט פון דער אייזערנער דיסציפלין און בלינדערהייט טוט ער אב אלע זיינע אכזריות'דיגע מעשים. בעשטראפען אט דעם אונגליקליכען מענשען, אן אייגענעם ברודער, הייסט דאס, איז דאך אונזיניג. נו, און די בעפעלקערונג איז אודאי ריין פון בלוט, וואס איז נאר וואס פערגאסען געווארען. פאר וואס זאל מען בעשטראפען די אונ־

שולדיגע, פערגיסען זייער בלוט, צושטערען זייער האָב און גוטס? און דאס געפיהל פון נקמה איז אוועק אזוי שנעל ווי געקומען.

אויפ'ן ערשטען פלאן איז יעצט געווען די פראגע „וואס טוט מען?“ קריגען קאהלען אין פעאדאסיע — אויף דעם איז שוין מעהר קיין שום האָפנונג ניט געווען. אפשר פרובירען געהן אין אקערמאן, א צווייטער רוסישער האפען ניט ווייט פון דאנען? אבער מיט וואס איז מען זיכער, אז דארטין וועט זיך ניט איבער'חזר'ן די זעלבע מעשה?

די קאמיסיע האָט צונויפגערופען די גאנצע קאמאנדע און איהר פארגעלעגט צו בעשליסען, וואס מען זאל טון.

„אפשר געהן קיין סעוואסטאפאל, — האָט אימיצער פון דער קאמיסיע געפרעגט, — און דארטין זיך איבערגעבען אין די הענד פון דער רעגירונג אונזערער? זיך פערלאזען אויף איהר יושר, אויף איהר חסד ואמת, אויף איהר אונבעגרענצטער ליעבע צו די פער־בלאנדזשעטע שעפסעלעך?

„ניין, ניין! — האָבען זיך דערהערט הונדערטער שטימען. — בעסער שטארבען וואו ניט איז, איידער זיך איבערגעבען ווי־דער אין די הענד פון דער רוסישער רעגירונג.

לייכט צו זאגען שטארבען! ווען מען איז שטארק און געזונד, ווען מען איז אין די בעסטע בליהענדע יאהרען, ווען דאס הייסע בלוט רעדט פון לעבען, פון גליק, פון האפנונג, — דאן שטארבט זיך ניט.

און מען האָט גענומען זוכען א וועג, א רעטונג, אן עצה.

די לאגע איז ניט געווען וואס מקנא צו זיין. עס איז ניט גע־ווען א קאפ וואסער צום טרינקען. קאהלען איז געבליבען נאך ווע־ניגער. די מאטראזען וועלכע זיינען געגאנגען ארום די מאשינען, האָבען קאם געשלעפט די פיס: צעהן מעת לעת נאכאנאנד האָט מען געהייצט די קעסלען, זעכצעהן קעסלען, און יעדער קעסעל האָט גע־פרעסען קאהלען און וואסער ווי א היישעריק. מען האָט געדארפט האָבען ווענינסטענס צוויי וואכען צייט אום ריין צו מאכען די אי־בערגעהייצטע קעסלען און לאזען זיך אויסרוהען די איבער:עהארע־וועטע מאשיניסטען. אין זיין איצטיגען צושטאנד וואלט „פאטיאמ־

קין" שוין ניט געווען מערר בכה בייצוקומען דעם קיסר'ס א קרינגס־שיף, אז יענער וואלט איהם בעפאלען אונגעריכטערהייט.

ווען די קאמאנדע האָט בעקלערט די אלע אומשטענדען, איז זי געקומען צום שלום, אז קיין אנדער וועג בלייבט ניט ווי אוועק־געהן צוריק־קיין רומעניען און דארטען ארונטער אויף דער יבשה. מען האָט געקעמפפט, ווי לאנג מען האָט געקענט, ווי לאנג די כחות האָבען געסטאיעט. די כחות, די מיטלען זיינען אויסגעגאנגען, און מען מוז אוועקלעגען די געוועהר. מן הסתם האָט דאך דער שונא אזא טריפה'נעם מזל!

מיט א נידערגעשלאגענעם מוט האָט זיך „פאטיאמקין" אוועקגעלאזען אין וועג צום רומענישען האפען קאנסטאנצא. טרויעריג איז געווען די רייזע. דעם ערשטען מאל, ווען מען איז געגאנגען אהין, זיינען די הערצער געווען פול מיט האפנונגען. איצטער איז אלץ אבגעשטארבען. אויף וואס איז דא צו האָפען? די צוקונפט האָט זיך געמאָלט אין שווארצע פארבען. א לעבען אין דער פרעמד, נע ונד, ווייט פון אייגענע, און נאך אפשר אין הונגער און נויט.

אין מיטען ים האָט דער שיף מקבר געווען זיין רוטע פאהן, כדי זי זאל ניט ארייגפאלען אין פרעמדע הענד. טרערען האָבען זיך געשטעלט אין די אויגען, ווען די פאהן איז ארייגגעשליידערט געווארען אין די מוטנע כוואליעס פון שווארצען ים. ווי א לעבעדיגער מענש, וועלכער טרינקט זיך און וועגדט אן אין פערצווייפלונג די לעצטע קרעפטען צו האלטען זיך פון אויבען אויף, אזוי האָט זיך די פאהן דאס געהויבען אויף דעם קאם פון א כוואליע, דאס פערפליעסקעט געווארען. פאר איהר לעבען האָט זי געקעמפפט, די בלוטרויטע פאהן פון אלמענשליכער פרייהייט, גלייכהייט און ברידערליכקייט, די בלוט־רויטע פאהן פון דעם גרויסען רעוואלוציאנערען קאמפף... עפּיס ווי זי וואלט געמיינט צו זאגען דער קאמאנדע:

„ברידער! גיט זיך ניט אונטער... איהר קענט נאך קעמפפען... ניט אלץ איז פערלארען... פאלט נאר ניט אראב ביי זיך..."

. . . . . . . . . . . . . . .

דעם 24טען יוני, עלף דעם זייגער ביי נאכט, איז „פאטיאמ־קין" אריין אין דעם האפען פון קאנסטאנצא, און האָט באלד גע־שיקט דעפוטאטען צום קאמענדאנט אום צו פערהאנדלען די פראגע וועגען איבערגעבען זיך. דער רומענישער גענעראל האָט געהייסען צושיקען א ספּעציעלע קאמיסיע, און אין דעם נאמען פון רומענישען פאלק האָט ער פערזיכערט די דעפּוטאטען, אז די קאמאנדע וועט זיין אין רומעניען פאלשטענדיג פריי און ניט שטעהן אין דער קלענ־סטער געפאהר אויסגעליפערט צו ווערען דער רוסישער רעגירונג. ווען די דעפּוטאטען זיינען געקומען צוריק אויפ'ן שיף, האָט שוין די קאמאנדע געשלאפען. אין דער פריה, ווען מען האָט די מאטרא־זען בעקאנט געמאכט מיט דעם גענעראל'ס ווערטער, האָבען אלע אין איין קול א געשריי געטאן:

„נאמיר זיך בעסער איבערגעבען די רומענער, איידער דער רוסישער רעגירונג!"

אין דער צייט איז צוגעפאהרען צום שיף א העדר מיט א רויטער בלום אין לאץ. ער האָט זיך פארגעשטעלט: „דאקטאר ראַ־קאווסקי, א סאציאל־דעמאקראט".

די קאמיסיע האָט איהם הארצליך צוגענומען און זיך גענומען האלטען מיט איהם אן עצה.

„ווי פיעל קאהלען האָט איהר? — האָט דער דאקטאר גע־פרעגט.

„א פוד דריי טויזענד.

„דריי טעג קענט איהר דערמיט אויסקומען?

„בשום אופן ניט.

„אויב אזוי, איז ניטא אויף וואס צו האָפען.

„קען מען זיך פערלאזען אויף דער רומענישער נאטשאל־סטווא? אפשר איז דאס א פאסטקע? — האָט די קאמיסיע גע־פרעגט.

„פערלאזען קענט איהר זיך, אהן שום ספקות.

דער אנגענומענער בעשלוס איז אלזא פערזיגעלט געווארען.

די קאמיסיע האָט געוואלט ביי די אונטערהאנדלונגען זיך אויסדינגען דאס רעכט אויפצורייסען דעם פאנצערשיף, איידער ער זאל ווידער אנקומען די ראמאנאווס. אבער מען האָט שטייף געענטפערט דער קאמיסיע, אז דאס וועט ניט געהן. די מאטראזען קען מען צונעמען נאר מיט'ן שיף צוזאמען, און ניט אויף אנאנדער אופן. די קאמיסיע האָט געהאפט, דאס „פאטיאמקין" וועט פערבלייבען אין רומעניען לכל הפחות ביז די מלחמה וועט זיך ענדיגען. צו יענער צייט, האָבען די מאטראזען גערעכענט, וועט פון די ראמאנאווס שוין געוויס קיין זכר ניט פערבלייבען אין רוסלאנד, און דער שיף וועט אריבער ניט צו זיי, נאר צום רוסישען פאלק. און אט מיט דער האפנונג האָבען זיי דאס געגעבען זייער הסכמה צו דער פאָרדערונג פון די רומענער.

די קאמאנדע האָט זיך געזעצט עסען אנבייסען, און נאכ'ן עסען האָט מען ארונטערגעפיהרט די מאטראזען אויף דער יבשה. אבער ניט אלע האָבען געוואלט פערלאזען דעם שיף. דריי און זעכציג מאן זיינען געבליבען ביים קיסר אויף קעסט. דאס זיינען געווען על פי רוב די „זאטע", וועמען עס האָט זיך א סך בעסער געלוינט צו דינען ניקאלאיען, איידער געהן הארעווען און רייסען קריעה אויף די רומענישע פאבריקען.

דעם 2טען יולי 1905, צווישען דריי און פיער נאכמיטאג־צייט, האָט אויפגעפלאטערט אויף דעם געוועזענעם רעוואלוציאנערען קריגס־שיף דער דריי־פארביגער רומענישער פלאג.

דער אויפשטאנד אויף „קניאז פאטיאמקין" האָט זיך פאר־מעל געענדיגט. און רוהיג, אהן בלוט, אהן שטורם איז געשלאסען געווארען איינער פון די גלענצענדסטע קאפיטלען אין דער געשיכטע פונ'ם רוסישען קאמפף פאר פרייהייט, אין א געשיכטע וואס איז אזוי רייך מיט עפיזאדען פון אויסערגעוויינליכער העלדיש־קייט.

# אכטער קאפיטעל.

## נאך דעם קאמפף.

די פאטיאמקינער אין רומעניען. — מאטיושטשענקא ווערט פערפאלגט פון פאליציי. — דער שיף אבגעפיהרט קיין סעוואסטאפאל. — די ווירקונג פון דעם אויפשטאנד אין פלאט. — די בעדייטונג פון דעם אויפשטאנד בכלל. — די אפיציעלע שקרים. — די ראליע פון די אידען אין דער פאטיאמקינער געשיכטע.

אויף דער יבשה האט מען די העלדען בעגעגענט מיט דער אויסערסטער פריינדליכקייט. וואונדערן זיך אויף דעם דארף מען ניט. מיט זייער גבורה'שאפט האט דאך נעקלונגען די גאנצע וועלט. און אפילו קאנסערוואטיווע מענשען, וועלכע קענען זיך ניט פערגינען צו ווינשען נצחון דער רוסישער רעוואלוציאן, האבען זיך אויך געמוזט ניט-וועלענדיג פערנייגען מיט דרך ארץ פאר די דאזיגע פשוט'ע מאטראזען. די פערעהרונג פון א העלד, אין וואס'ער לאגער דער לעצטער זאל זיך ניט גע־פינען, דאס איז א שטריך, וואס ליגט טיעף איינגעווארצעלט אין דער נאטור פון יעדען מענשען.

די פיער און צוואנציג טויזענד רובעל, וואס איז געווען אין „פאטיאמקין'ס“ קאסע, האט די קאמיסיע אבגעגעבען דער רומע־נישער אדמיניסטראציאן, און יענע האט זיי צוטיילט צווישען די מאטראזען. יעדערן אויף א חלק איז אנגעקומען צו 82 פראנק. עס איז שוין געווען וועניגסטענס פון וואס צו לעבען די ערשטע צייט, ביז וואנען מען וועט זיך א ביסעל ארומזעהן. אבער דאס האט



די מאטראזען פון „קניאז פאטיאמקין“ אין דער רומעניש׳ער שטאדט קאנסטאנצא.

מען אויך ניט געדארפט. אויף מארגען זיינען אנגעפאהרען אין קאנסטאנצא פאבריקאנטען און ארומיגע פריצים, און כמעט אלע מאטראזען זיינען צונומען געווארען פון זיי צו דער ארבייט. די, וועלכע האָבען קיין פלאץ נאך ניט געפונען, האָבען געקראגען פון דער רעגירונג אן אומזיסטען בילעט אויף אלע רומענישע אייזענבאהנען. איז דאס נאך וועניג, האָט דער דאקטאר ראקאווסקי באקומען פון דער שווייץ צעהן טויזענד פראנק, מיט וועלכע ער פלעגט אויסהעלפען די מאטראזען אין צייט פון א צרה.

אין מאראלישער הילף האָבען די פאטיאמקינער אויך ניט געליטען קיין דחקות. אן אלטער עמיגראנט זאמפיר ארבורע, וועלכער האָט געהאט א געוויסען איינפלוס אין דעם רומענישען הויף, האָט זיך תמיד אנגענומען פאר דעם פאטיאמקינער, ווען יענער פלעגט ארייגפאלען אין אן אומגליק. און די דאקטוירים פיאטר און קאזאק זיינען געוועזען אלע מאל אין דער היים, ווען א פאטיאמקינער פלעגט דארפען האָבען מעדיצינישע הילף.

— די רומענישע רעגירונג איז זיך איבערהויפט בעגאנגען מיט די מאטראזען, ווענינגסטענס די ערשטע צייט, אויפ'ן פיינסטען אופן, גאר טאקי ווי מיט אנגעלעגטע געסט. מען קען זיך פארשטעלען, אז דער גרעסטער טייל פון די אורחים, וועלכע זיינען נאר פון אויבען אויף אנגעריהרט געווארען פון דער פראפאגאנדא, און די פרייהייט פון רוסישען פאלק איז זייאפשר אין דער לינקער פאה ניט געלעגען, האָט ניט געדארפט. פערדינט האָט מען דאך, און אן איינטערעסע אין דעם געזעלשאפטליכען און פאליטישען לעבען פון דער פרעמדער מדינה האָט מען צוליעב טויזענד און איין אורזאכע ניט געהאט. נו, האָט מען „געשטיפט", און ניט דוקא א שבת, א יום־טוב, אויך גאנץ אפט אין א מיטען מיטוואך. אבער די פאליציי איז געווען מאדנע גרויסמוטיג און האָט מכפר געווען אלע „שטיפערייען".

די רדיפות פון דער רעגירונג האָבען זיך אנגעפאנגען ערשט ווען די פאטיאמקינער האָבען אין דער פרייער צייט שוין מעהר ניט „געשטיפט", נאר געמאכט מיטינגען און געלערנט סאציאליזמוס.

אין קאנסטאנצא האָבען צוויי מאטראזען נעדוננען א זאל און נענומען בעקאנט מאכען די חברים מיט דער רעוואלוציאנערער ליטעראטור. איינער פון די צוויי איז נעוועזן סטעפאן דעניסענקא, וועלכער האָט אין דעם משך פון אויפשטאנד נעשפּילט אויפ׳ן שיף א הויפּט־ראָליע. די פּאליציי האָט זיך די מינוט אריינגעמישט און פערבאָטען די פערזאמלונגען.

אין בוכארעשט האָט זאמפיר ארבורע מיט נאך א מאטראָז אויך נעדוננען א זאל פאר מיטינגען, וואו מען האָט געהאלטען פאר די פּאטיאמקינער פארלעזוננען איבער סאציאליזמוס. די פּאליציי האט ווידער פערבאָטען צו רעדען. אין רומעניען איז אפילו פאראן א קאנסטיטוציע, מיט א פּארלאמענט, מיט פרייהייט פון ווארט, מיט מעשיות־געשעפטען, אבער מאָלע וואס. ניט די רומענישע פּאליציי איז די ערשטע, וואס טרעט מיט די פיס די הייליגע קאנ־סטיטוציע, ניט זי איז די לעצטע.

אין קימפּין האָט מאטיושטשענקא צוזאמען מיט צוויי חברים פּאטיאמקינער (ספּינאוו און ליטשאוו) ארגאניזירט א קאמונע פון זיבען און צוואנציג מאן. דאכט זיך, גאר אן אונשולדיגע בעשעפטי־גונג. פון דעסטוועגען האָט זיך די פּאליציי כסדר געטשעפּעט. צו ספּינאוו׳ען, וועלכער האָט געקענט גוט רעדען רומעניש, פלעגט צום ביישפּיל קומען אלע פריה מארגען א פּאליציי־בעאמטער און איהם רופען צום פּרעפעקט (פּאליצמייסטער). און יענער פלעגט נעמען איינרעדען דעם מאטראָז, אז ער מיט זיינע חברים זאל אוועקווארפען פּאליטיק (?) און געהן בעסער אין קלויסטער בעטען גאט. די קאמונע האָט ענדליך געמוזט צופאלען.

אויף מאטיושטשענקא האָט די פּאליציי געווארפען אן אומ׳חן באלד, ווי ער איז אראב אויף דער יבשה. אבגעוועזן איז ער אין רומעניען איבער א יאהר, און פאר דער צייט האָט מען ביי איהם געמאכט עטליכע הויז־זוכונגען און צוויי מאָל איהם ארעס־טירט. ווי עס ווייזט אויס, האָבען דאָ שטארק געארבייט הינטער׳ן רוקען פון דער רומענישער פּאליציי די רוסישע געהיימע אגענטען.

וואס וואלטען זיי ניט אוועקגעגעבען, אבי נאר אריינצונארען דעם אנפיהרער פון אויפשטאנד צוריק אין רוסלאנד און דארטין האָ־בען די זכיה איהם צו דערשיסען. מען זאגט, אז די „אכראנאיע אטדעליעניע“ פון פעטערבורג איז געווען קאפאבל צו לאזען זיך קאסטען 20 טויזענד פראנק כדי דורכצופיהרען דעם געשעפט. אגב איז שוין אויך געווען אויסגעארבייט א גענויער פלאן. מאטיו־שטשענקא וועט מען ארויסשיקען פון רומעניען דורך די טערקישע גרעניץ. אויף יענער זייט גרעניץ וועט שוין ווארטען אויף איהם א רוסישער זשאנדארם. אין טערקיי איז דאך רוסלאנד ווי ביי זיך אין דער היים. און איבערהויפט ווער קען זיך פערלאזען אויפ'ן יושר פון די טערקישע בעאמטע, וואס פאר „באקשיש“ (לאפקע) קענען זיי אין איין מינוט ווערען אי טויב, אי שטום, אי בלינד, אויף ווי לאנג איהר ווילט. און מאטיושטשענקא'ן וואלט ניט גע־האָלפען אפילו דער טאַטע פון יענער וועלט.

אבער דער פלאן האָט זיך צום גליק ניט איינגעגעבען. ארעסטירט מאטיושטשענקא האָט מען טאקי, און פער'משפט צום ארויסשיקען פון רומעניען אויך, אבער ניט דורך די טערקישע גרע־ניץ, ווי עס האָט זיך געוואלט די רוסישע מחבלים, נאר דורך די, וואס ער וועט זיך אליין אויסקלייבען. פערדאנקען האָט דאס גע־האט מאטיושטשענקא דער רומענישער פרעסע, וועלכע האָט אין איין קול פראטעסטירט געגען דעם שענדליכען אבמאך צווישען די פאליציי־אגענטען פון ביידע לענדער און געפאדערט פאר דעם העלד גערעכטיגקייט. ווי די מעשה איז, אבער רומעניען איז דאך פארט א קאנסטיטוציאנעלעס לאנד, און די געזעלשאפטליכע מיי־נונג, פערטראטען פון דער פרעסע, האָט דארטין א וויכטיגע בע־דייטונג. מאטיושטשענקא, בעגלייט פון א זשאנדארם, האָט מען אבגעפיהרט צו דער עסטרייכישער גרעניץ און איהם פריי געלאזען. דעם זעלבען מזל האָט אויך געהאט דער צווייטער „געפעהרליכער“ העלד, דער אויבען דערמאנטער דעניסענקא, וועלכער איז נאך דער קאפוליער אנצוהערענים פון דער רומענישער פאליציי אוועק קיין קענעדא.

אינטערעסאנט איז דער פאלגענדער פאקט: א קורצע צייט נאכדעם, ווי „פאטיאמקין“ האָט זיך איבערגעגעבען רומעניען, זיי־נען אהין אנגעפאהרען א מאן פיערציג רוסישע שפּיאנען. זייער שליחות איז געווען — מיט פערשיעדענע צוזאגעניסען אריבערצו־נארען צוריק קיין רוסלאנד די מאטראזען. א סך האָבען זיך געלאזט איבעררעדען, דער עיקר פון די יונגע „נאוואבראנצעס“. אבער אין אלעמען נאר א מאן זיעבציג, ניט מעהר. אראברעכנען די דריי און זעכציג, וועלכע זיינען לכתחילה פון שיף ניט אראב, זיינען געבלי־בען אלזא אין רומעניען א 600 מאן, וועלכע ארבייטען — ווער אויף די פאבריקען אין קאנסטאנצא און אין אנדערע שטעדט, ווער ביי די פּריצים אויף די מאיאנטקעס. א פּאר זיינען אוועק זוכען גליק אין אנדערע מקומות: לאנדאן, קענעדאַ, אמעריקא.

די פּאטיאמקינער, וועלכע האָבען זיך פערלאזען אויפ׳ן קיסר׳ס גוט הארץ און זיינען געקומען אין רוסלאנד צוריק, זיינען די מינוט פון זייער קומען נאטירליך ארעסטירט געווארען. און הגם צווישען זיי איז ניט געווען ניט איינער פון די הויפּט־אנפיה־רער, האָט דאך די בלוטדורשטיגע רעגירונג דרייען פער׳משפּט צום טויט, איינעם — צו צוואנציג יאהר קאטארזשנע ארבייט, און די איבעריגע — צום זיצען אין מיליטערישער טיורמע אויף פער־שידענע טערמינען. צום גליק, האָט זיך אנגערוקט דער 17טער אק־טאבער מט דער „קאנסטיטוציע“ און דער „אמניסטיע“, און די פער׳משפּט׳ע צום טויט האָט מען פערביטען די שטראף אויף פופ־צעהן יאהר קאטארזשנע ארבייט.

„קניאז פּאטיאמקין“ איז לאנג אין קאנסטאנצא ניט פער־בליבען. פון סעוואסטאפּאל איז געקומען די רוסישע עסקאדרא און האָט העלדיש פערנומען דעם געבונדענעם רעוואלוציאנער. קודם כל האָט א קאזיאנער גלח בעשפּריצט יעדען ווינקעלע פון שיף מיט הייליגע וואסער, כדי די בייזע קליפּה זאל ארויס, כדי דער גייסט פון פּראטעסט, פון אונצופריעדענהייט, פון ניט פאלגען דער נאמשאלסטווא, פון וועלען צוברעכען די שווערע שקלאפישע קייטען זאל דא חס ושלום קיין שום שליטה ניט האָבען. דערנאך, אז די נא־

טשאלסטווא איז שוין געווען גאנ׳ז זיכער ביי זיך, דאס די קליפה איז ארויס פון אלע שפאלטען פון שיף און האָט זיך צונויפגעמישט מיט דעם רויך פון די איבעריגע שיפען אין דעם רומעניישען האפען און צוזאמען מיט דעם רויך זיך אוועקגעטראגען עט־עט אין די הויכע הימלען אריין, האָט מען זעם שיף געגעבען א נייעם נאמען („פאנטעלעימאן“) און איהם אוועקגעפיהרט מיט נצחון קיין סעװאסטאפאל.

אבער על כל פנים האָט דעם גלח׳ס שפריצען ניט געהאלפען, אדער ער האָט אפשר ניט געשפריצט ווי עס דארף צו זיין. די קליפה איז אין דעם פאנצערשיף פערבליבען, און די נייע קאמאנדע, וואס איז אויף איהר ארויף, איז מיט דער קליפה אנגעשטעקט געווארען.

די מעשה איז אזוי געווען.

די ווירקונג פון דעם אויפשטאנד אויף „קניאז פאטיאמקין“ האָט זיך ניט געענדיגט אין האפען קאנסטאנצא צוזאמען מיט דעם אויפשטאנד. א טיעפע דעמאראליזאציאן האָט די געשיכטע אריינגעבראכט אין דעם פלאט. אין די פערגרעבסטע מחות האָט זי אויפגעוועקט פראגען, וואס ביז אהער האָבען זיי גאר קיין שום צוטרעט ניט געהאט צו זיי. דער מאטראז האָט זיך גענומען פערקלערען איבער זיין לאגע אין דער צייט פון דינסט, אלס רעכטלאזער קנעכט, וואס יעדער אפיצירעל איז א בעל־הבית איבער איהם. ער האָט דערזעהן, אז הונדערטער חברים זיינע האָבען די פערקנעכטונג ניט געוואלט אריבערטראגען און זיך געהאלפען ווי זיי האָבען געקאנט. ער האָט דערזעהן, אז די מאטראזען דארפען נאר זיין ארגאניזירט, האנדלען אין אחדות, זיך צונויפרעדען, און די נאטשאלסטווא וועט מיט זיי גאר ניט קענען מאכען. און דאן זיינען אויפגעשטאנען אין קאפ די צוועקען פון דעם אויפשטאנד. וואס האָט „פאטיאמקין“ געוואלט? צו וואס האָט ער געשטרעבט? פון וואס פאר א פאלק׳ס פרייהייט האָט ער גערעדט? וואס איז דאס געווען פאר א רויטע פאהן, וואס האָט ביי איהם געפלאטערט אויפ׳ן שפיץ מאסט? אין וועמעס נאמען זיינען זיי געווארען

בוגדים געגען דעם קיסר, געגען די שבועה, וואס זיי האָבען געגעבען, געגען דעם פאטערלאנד, ווי די אפיצירען דערציילען זיי?

די פראגען האָבען געפאָדערט אן ענטפער, א באלדיגען ענטפער. אבער וואו באקומט מען איהם? געהן צו דער נאטשאלסטווא? איז דאך צו איהר קיין שום צוטרוי ניטא. מען גלויבט איהר ניט, ווייל מען האסט זי, און זי גופא קוקט אויפ'ן מאטראז ווי אויף א בהמה, מיט גאוה, מיט פעראכטונג, מיט א מין נודעניס. און מען געהט נאך א תשובה צו אנדערע. צו חברים, וועלכע זיינען מעהר באלעזען, מעהר פארטגעשריטען. מען זעהט צו קריגען ביכלעך, בלעטלעך, צייטונגען. און ביסלעכווייס וואקסט אויס אין דעם מח א בעשטימטער ענטפער: די מאכט, וואס דריקט, וואס שטיקט, וואס צאפט דאס בלוט, וואס ווערגט יעדערן — אי דעם מאטראז, אי דעם פויער, אי דעם ארבייטער, — איז דער צאריזמוס, די אליינהערשאפט, און פערטראטען איז די מאכט פון דעם קיסר מיט דער נאטשאלסטווא — די משרתים זיינע. און כדי עס זאל זיך לעבען לייכטער, כדי מען זאל איבערהויפט קענען לעבען, אטעמען, דארף מען זעהן די שלעכטע, די אכזריות'דיגע מאכט צו צוברעכען. אבער ווי טוט מען דאס? וואס זיינען די ריכטיגע מיטלען, וועלכע פיהרען דערצו? און די תשובה האָט געקאנט זיין נאר איינע: דורך קאמפף, דורך ווידערשטאנד, אט אזוי ווי „פאטיאמקין" האָט געמאכט זיין פערזוך. אבער פאר וואס האָט זיך דער פערזוך ניט איינגעגעבען? אפשר איז ער ניט געווען דער ריכטיגער? און אן ענטפער קומט: ניין, דער פערזוך איז געווען א ריכטיגער. אבער „פאטיאמקין" איז געשטאנען אין קאמפף איינער אליין. דער שלום איז: אויספיהרען קען מען יע מיט „פאטיאמקין'ס" וועג, נאר אלע דארפען זיך אויפהויבען מיט איין מאָל.

אט אזוי איז דאס אויפגעוואקסען דער געדאנק פון אן אלגעמיינעם מאטראזען־אויפשטאנד פון די זריעות, וואס מאטיושטשענקא מיט זיינע חברים די פאטיאמקינער האָבען פערווארפען אין די קאזארמעס און אויף די שיפען.

עס איז ניט אוועק קיין האלב יאהר, און דער פלאט האָט זיך אויפגעהויבען. אין נאוועמבער קומט דער אויפשטאנד אין סעוואס־טאפאל, אנגעפיהרט פון אן אפיציר, דעם בעריהמטען לייטענאנט שמידט. און איינער פון די ערשטע שיפען, וואס שטעהן צו צו דעם אויפשטאנד, איז דער פאנצערשיף „פאנטעלעימאן", וועלכער האָט שוין געהאט א גלענצענדע רעוואלוציאנערע פערגאנגענהייט אונ־טער דעם אונפערגעסליכען נאמען „קניאז פאטיאמקין טאווריט־שעסקי".

דער שפריצען פון קאזיאנעם גלח האָט ניט געהאלפען, אזוי ווי טיורמעס און סיביר העלפען ניט אויסצוראטען דעם רעוואָ־לוציאנערען גייסט אין דעם קיסר׳ס אונטערטאנען.

אמת, די רעגירונג האָט גובר געווען — אי אין סעוואסטאָ־פאל, אי שפעטער אין קרוינשטאט, אין סוועאבארג און ווידער א מאָל אין קרוינשטאט. הונדערטער בונטאוושטשיקעס האָט מען צו־שאסען, טויזענדער צוזעצט און פערשיקט. אבער שיסען און שטי־קען קען מען מענשען, און ניט אידעען. אידעען ברענען ניט אין פייער. זיי זיינען אונשטערבליך. און דאס, וואס איז אונשטערבליך מוז פריער אדער שפעטער מנצח זיין דאס צייט־ווייליגע, דאס פארבייגעהענדיגע.

„קניאז פאטיאמקין" האָט באוויזען די אקטיווע רעוואלוציא־נערען, אז פאר דער רעוואלוציאן וועט זיך די רעגיערונג שטארק ניט איבערשרעקען, כל זמן עס בלייבען איהר טריי די ביק־סען; און נאר ווען די ביקסען שטעלען זיך אויפ׳ן צד פון די קעמפ־פער פאר פרייהייט, פערלירט זי זיך און מוז וואס גיכער איינגעהן אויף פשרות. דער אויפשטאנד האָט געמאכט אין די רעגירונגס־קרייזען א שרעקליכע מהומה. מען האָט מיט א מאָל מורא געקראגען פאר דעם פשוט׳ען מאטראז, און ווי געוויינליך, איז די מורא אויס־געוואקסען אין די אויגען מעהר ווי זי איז געווען. און אט דערפאר האָט דאס א גאנצע עסקאדרע זיך געשראקען צו צוגעהן נאהענט צום צובונטעוועטען שיף. און אויך נאכדעם, ווי „פאטיאמקין" האָט פערלאזען פעאדאסיע, און אהין איז אנגעקומען א שיף צו בעשיצען

די שטאדט, זיינען אויפ׳ן שיף געווען לויטער אפיצירען: מאטראזען האָט מען א פּנים מורא געהאַט צו שיקען.

„פּאטיאמקין" האָט אויפגעטאָן נאָך א וויכטיגע זאַך פאר דעם רוסישען פרייהייטס־קאמפף: ער האָט ארונטערגעווארפען דעם פּרעסטיזש פון סאמאדערזשאַוויע אין די אויגען פון דער ציוויליזירטער וועלט. די עלף טעג, וואס דער שיף האָט זיך געטראָגען און געשטערט איבער׳ן שווארצען ים, האָט מען פון דעם קיסר׳ס רעגירונג אומעטום אין די הויפּענס געלאַכט, חוזק געמאַכט. א פיינע אייראָפּעאישע גרויסמאַכט, מיט רעשפּעקט צו מעלדען! טאמער האָט איהר דער יאפּאנישער אדמיראל טאָגאָ איבערגעלאָזען א פּאר קריגס־שיפען, איז דער קיסר מיט זיי אויך ניט זיכער. קען מען פאר אזא רעגירונג דרך ארץ האָבען און זיך צוהערען צו איהר שטימע אין אינטערנאציאָנאַלע סכסוכים, ווי עס איז געווען ביז יענער ציים?

לעבערליך האָט די רעגירונג אויסגעזעהן אין דעם משך פון אויפשטאנד, און נאָך לעבערליכער האָט זי זיך געמאַכט מיט איהר אפיציעלער ערקלערונג, אין וועלכער זי ווארפט ארויף, ווי איהר שטייגער איז, גאר די שולד אויף די א י ד ע ן. די אפיציעלע טענות, אז נאָר אידען בונטעווען זיך און רייצען אויף דעם רוסישען געגען די רעגירונג, איז איינפאך א בעליידיגונג פאר דאס רוסישע פאלק. הייסט דאס, אז אדער דער רוסישער האָט א שוואַכען קאָפּ, וואס קען לייכט בעאיינפלוסט ווערען פון דעם קליגערען אידען; אדער ער האָט גאר קיין קאָפּ ניט, פערשטעהט ניט, וואס עס טוט זיך ארום איהם, און ווען דער איד זאגט איהם: „ווארף באָמבעס", ווארפט ער און פרעגט קיין קשיות ניט; אדער ער, דער רוסישער, איז בטבע א שטילע לעמעלע, וואס יעדערער קען איהר קריכען אויפ׳ן קאָפּ, א משה רבינו׳ס קיהעלע, וואס יעדערער קען זי קומען מעלקען, א טיפּוש א דערשלאָגענער, אהן א געפיהל פון מענשענווירדע, אהן א פערלאנג צו פערבעסערען זיין געדריקטע לאגע, אהן די מאכט די לאגע צו פערבעסערען. און נאר דער איד, דער פערהאסטע, דער פעראכטעטער, דער פערפאלגטער, נור ער האָט די

אלע גרויסע מעלות, וואס פעהלען דעם עכט־רוסישען: אי אן ענטוויקעלטען מח, אי א שטארקען ווילען, אי רעוואלוציאנערע ענערגיע, אי מעכטיגע הענד. וואס קען דרינגען דערפון די ציוויליזירטע וועלט?

און ווען די פאטיאמקינער זיינען ארויף אויף דער יבשה און האבען זיך דערוואוסט פון די ליגענס און בלבולים פון דער רוסישער רעגירונג, האבען זיי בעשלאסען צו פראטעסטירען געגען די אפיציעלע ערקלערונג. קאוואלענקא, מאטיושטשענקא און קיריל האבען דורך דעם אינטערנאציאנאלען סאציאליסטישען ביורא פערעפענטליכט אן אייגענע ערקלערונג, וואו עס ווערט געזאגט פאלגענדעס:

„מיט אונזער יעצטיגער ערקלערונג ווילען מיר בלויז באווייזען אין איהר ריכטיגען שיין די נידערטרעכטיגע פראוואקאציע וואס די רוסישע רעגירונג פערזוכט דורך איהר, ערשטענס, נאך א מאל אבצונארען די געזעלשאפטליכע מיינונג פון אייראפא און פון דעם גאנצען רוסישען פאלק. און, צווייטענס, ניט צו לאזען דעם פאלק'ס אונצופרידענהייט זיך צונויפגיסען מיט דער פרייהייט־ליבער בעוועגונג. אן א זייט וויל די רעגירונג אבפיהרען אט די אונצופרידענהייט דערמיט, וואס דעם וועניגער בעוואוסטזיניגען טייל פון פאלק וועט זי אנהעצען אויף די באזונדערע פעלקער, וועלכע לעבען אין רוסלאנד; וואס זי וועט פאנאנדערבלאזען די נאציאנאלע שנאה און אויף דאס ניי ארויסרופען פאגראמען אויף אידען, ארמעניער, פאליאקען; אונזיניגע פאגראמען, וואס די אמת'ע פערטרעטער פון די ארבייטער־מאסען אין רוסלאנד עקעלט פון זיי.

„מיר די אונטערגע'חתמה'טע, וואס מיר זיינען געשטאנען בראש פון דעם אויפשטאנד און האבען זיך געפונען די גאנצע צייט אויף „פאטיאמקין'ען", ערקלערען מיר, אז די בעהויפטונג פון דער רעגירונג אין „פראוויטעלסטוועני וויעסטניק", דאס מיר האבען געמאכט דעם בונט כלומר'שט אונטער'ן איינפלוס פון אידען־סטודענטען און אידען־ארבייטער, איז כזב ושקר. מיר האבען געקעמפפט פאר אונזער אייגענער בעפרייאונג און פאר דער בעפרייאונג פון גאנצען רוסישען פאלק פון דעם יאך פון דער דעספאטי

שער רעגירונג; אלע אונזערע געשעפטען און פלענער זיינען געוועזן בעשפראכען פון דער גאנצער קאמאנדע, און די בעשליסע אנגענו־מען מיט א רוב דעות, און ניט צווישען די פערטרעטער פון „קניאז פאטיאמקין", וואס זיינען אוועק מיט'ן מינען שיף נומער 267 צו „געארגי פאביעדאנאסיעץ", און ניט אויף „פאטיאמקין'ען" גופא האָט זיך ניט געפונען קיין איין איד אין דער גאנצער צייט פון אונ־זער שווימען.

„פאר אונזערע חברים האלטען מיר די ארבייטער פון דער גאנצער וועלט, פון וואס פאר א נאציאן זיי זאלען ניט שטאמען, און דערהויפט יעדער איינציגען, וואס שטרעבט דורך קאמפף איינ־צופעסטיגען אויף דער ערד די אמת'ע פרינציפען פון פרייהייט, גלייכהייט און ברידערליכקייט.

„די דאזיגע ערקלערונג בעטען מיר אלע אייראפעאישע און אמעריקאנישע צייטונגען איבערצודרוקען".

„אלעקסאנדר קאוואלענקא, אפאנאסי מאטיושטשענקא, קי־ריל. פאריז, 16טען יולי 1905".

די ערקלערונג פון די דריי פאטיאמקינער האָט געמאכט א גוטען איינדרוק אויף דער ציוויליזירטער וועלט. אבער די רוסישע רעגירונג, ווי א קאזאק — א גנב, וואס מען כאפט איהם ביי דער האנד, האָט זיך ווענינ וואס פערשעמט. א נאווינע ביי איהר אודאי זיין געבראנדמארקט אלס ליגנער, גנב, מערדער, פאל־שער שווערער, וכדומה!

אין דער ערקלערונג, וועט מען זאגען, איז פאראן א מיאוס'ער טעות: אויף „פאטיאמקין'ען" איז דאך יע געוועזן א איד: פעלדמאַן. אבער ערשטענס, האָבען די מאטראזען אפשר גאר ניט געוואוסט, אז ער איז א איד. צווייטענס, איז ער ארויף אויפ'ן שיף ווען דער שיף האָט שוין געשוואומען אונטער דער פאהן פון דער רעוואלו־ציאן. און דריטענס, זעהט זיך ניט ארויס, דאס ער זאל האָבען גע־שפילט א הויפט־ראליע. פעלדמאן, דערציילט מאטיושטשענקא, איז געוועזן א כוואטסקער יונג. ער האָט ווענינ גערעדט, אבער א סך געטאן.עטליכע מאל איז ער געגאנגען אין שטאדט (ארעס) נאך

די נויטיגע זאכען פאר „פאטיאמקין'ען" און צו פערהאנדלען מיט'ן קאמאנדיר איבער'ן חיל, ריזיקירענדיג דערביי מיט'ן לעבען. אבער ווען ער פלעגט נעמען האלטען א רעדע צו די מאטראזען, האָבען איהם יענע ניט געוואלט הערען, ווייל עס איז געווען פאר זיי שווער צו פערשטעהן זיין ליטעראַרישע שפּראך. ער איז געווען א מיט־גליעד פון דער קאמיסיע, אָבער ער איז ניט אריין אין דעם עקזעקוטי־ווען קאמיטעט—די אמת'ע רעגירונג פון פאנצערשיף,—וואו עס זיי־נען געווען דריי מאן: מאטיושטשענקא, דעניסענקא און דימטשענקא.

פערשטעהט זיך, האָבען אידען געהאט פונקט אזא שולד אין פאטיאמקינער אויפשטאנד, ווי אין אלע אנדערע געשעהניסען פון דער רעוואלוציאנערער בעוועגונג, ווי איבערהויפּט אין דעם גאנג פון דער רעוואלוציאן. א איד אין רוסלאנד מוז זיין א שונא דער רעגירונג, וועלכע איז זיך תמיד בעגאנגען מיט איהם מיט דער העכסטער אכזריות. און דער האס צו דער רעגירונג טרייבט איהם אין דעם לאגער פון די רעוואלוציאנערען. און ווי באלד דער איד איז שוין יע אין דעם לאגער, ברייננגט ער אהין זיין קלוגען שכל, זיין הייסע נאטור, זיין וויליגקייט זיך מוסר נפש צו זיין פאר דער אידעע, זיין געלד אויב ער האָט. ווייטער, אזוי ווי אין דער אקטי־ווער בעוועגונג שפּילט טאקי דער איד די וויכטיגסטע ראליע, איז גאר קיין חדוש ניט, ווען מען זאל זאגען, אז ער איז שולדיג אין אלע מעשים פון דער רעוואלוציאן, וועלכע האָבען געגעבען דער ביוראקראטישער רעגירונג איין קלאפּ נאך דעם אנדערן. אין סע־וואסטאפּאל און ניקאלאיעוו, וואו עס געפינען זיך די קאזארמעס פון שווארצען־ים־פלאט, זיינען געווען א סך אידען־פּראפּאגאנדיס־טען. און די ערשטע, וואס האָט געגעבען מאטיושטשענקא א רע־וואלוציאנערע ביכעל צום לייענען, איהם א שטוים געטאן, הייסט דאס, אויף דעם וועג פון טעטיגען קאמפף מיט דער רעגירונג, איז געווען א אידישע פריילין (סאניא). און ווער ווייס, צו ניינציג פּראַ־צענט פון די איבעריגע פאר דער רעוואלוציאן געוואונענע מאטרא־זען האָבען ניט באקומען סמיכת פון אידישע קינדער.

ע נ ד ע.

| | |
|---|---|
| | פרייז. |
| **מ. באראנאוו,** דער מענש און דיא נאטור......... | 10 " |
| **ל. טאלסטאי,** פאַטריאָטיזמוס און רעגירונג, | 05 " |
| " " דער איינציגער מיטעל............ | 05 " |
|ביידע בראָשורען איבערזעצט פון מ. ק א ט ץ. | |
| **מאקסים גארקי,** ערציילונגען, איבערזעצט פון ח. אלעקסאנדראָוו........................ | 15 " |
| **ח. אלעקסאנדראוו,** טאָלסטאָי, זיין ביאָגראפיע | 10 " |
| **ב. פייגענבוים,** רמב"ם, זיין ביאָגראפיע.............. | 10 " |
| **מ. וויערניק,** רב סעדיה גאון, זיין ביאָגראפיע... | 10 " |
| **מ. פרומקין,** ר' ישראל בעל שם טוב, זיין ביאָגראפיע............................. | 10 " |
| **מארריס ראזענפעלד,** געזאַמעלטע ליעדער פון מאָררים ראָזענפעלד, 337 זייטען, אילוס-טרירט, שעהן געבונדען, פרייז.................. | $1.00 |
| **פיליפ קראַנץ,** אמעריקא פאַר קאָלומבוס. א קולטורגעשיכטליכע נאכפארשונג, 169 זייטען מיט 44 צייכנונגען, שיין געבונדען, פרייז.................. | 50 ס. |
| **פ. וויערניק,** דער ווילנער גאון, זיין ביאָגראפיע | 10 " |
| **ד. מ. הערמאלין,** יצחק בער לעווינזאָהן, זיין ביאָגראפיע.......... | 15 " |